
שלמה סיימאן
חכמים, עקשנים
און
נאראנים

# שלמה סיימאָן

# חכמים, עקשנים און נאראנים

## מעשיות
## פון
## אלערליי פעלקער

אַרויסגעגעבן פון ז'עם



## פון די אַרויסגעבער:

צום 7טן יאָרצייט פון אַלטער ראָזענטאַל, אויף וועמענס נאָמען דער דאָזיקער פאָנד איז געשאַפן געוואָרן, ביי דער „געזעלשאַפט קולטור און הילף א״נ אַרטור זיגעלבוים״, דער־שיינט דאָס דריטע בוך פון דעם אַלטער ראָזענטאַל־פאָנד פאַר יידישער קינדער־ליטעראַטור.

מיר גלייבן אַז פונקט ווי די ערשטע צוויי ביכער, „היסטאָ־רישע געשטאַלטן״ פון יודל מאַרק און „דער רייטוואָגן״ פון משה דלוזשנאָווסקי, וועט אויך דאָס דריטע בוך „חכמים, עקשנים און נאַראָנים״ פון שלמה סיימאָן, אויפגענומען ווערן מיט גרויס צופרידנקייט פון אונדזערע יונגע לייענערס.

●

וועגן אַלע ענינים פון דעם „אַלטער ראָזענטאַל־פאָנד״ דאַרף מען זיך פאַרשטענדיקן אויפן אַדרעס:

S. ZYTNICKI

Boulogne Sur Mer 385, 2º p. Dep. A

BUENOS AIRES Rep. Argentina



# אינהאַלט

## צו די לייענער פון די מעשיות

די ערשטע מעשה פון דעם בוך הייבט זיך אָן: „אַמאָל, אַמאָל, האָט..." די צווייטע מעשה אויך אַזוי: „אַמאָל, אַמאָל, האָט..." די פינפטע מעשה אויך אַזוי, אָבער אַביסל אַנדערש: „אַמאָל, אַמאָל האָבן..." כמעט אַלע מעשיות אַזוי. פאַרוואָס „אַמאָל, אַמאָל"?

די מעשה דערפון איז, וואָס אַלע שיינע מעשיות, וואָס איר לייענט און הערט, שטאַמען פון דעם וויַיטן גאָר אַמאָל, ווען קיינער האָט נישט געקענט שריַיבן אָדער לייענען, אָבער טאַקע קיינער נישט. ווי אַזוי קען עס געמאָלט זיַין? גאַנץ פשוט! קיין אַלף־בית איז אויף דער וועלט נישט געווען. מענטשן האָבן זיך שוין אויסגעלערנט ריידן, אָבער אויסצולייגן די ווערטער אין אותיות, בוכשטאַבן, האָט מען נישט געוווּסט ווי אַזוי. אָבער שוין דעמאָלט האָט מען דערציילט מעשיות פון אַמאָל, אַמאָל.

ווער האָט דערציילט די מעשיות? ווער האָט זיי געדענקט? על פי רוב, מיינסטנס, זיידעס און באָבעס, און בכלל, איבערהויפּט, אַלטע לייַט. עלטערע מענטשן זיַינען אין יענע ציַיטן געווען ווייניק, קנאַפּ, איינער אין אַ משפחה, צוויי־דריַי אין אַ דערפל. מענטשן זיַינען געשטאָרבן יונג פון מגפות, פאַרפלייצונגען, הונגער, קעלט און פון דער קלענסטער חולאת, קראַנקהייט. אַ סך מענטשן זיַינען אומגעקומען פון ווילדע חיות: לייבן, לעמפּערטן, בערן, וועלף און טיגערן.

יונגע מענטשן האָבן געהאַט ווייניק ציַיט זיך אויסצולערנען אַ סך זאַכן גוט און גרינטלעך. זיי זיַינען געווען פאַרנומען מיט קריגן די טאָגטעגלעכע שפּיַיז. נאָר דער, וואָס איז נישט געשטאָרבן יונג, האָט אָנגעקליבן חכמה און געניטקייט און האָט געדענקט אַ סך זאַכן.

מענטשן האָבן דעמאָלט געלעבט אין הײלן, אין שפּאַלטן פון פעלדזן און אין גריבער אויסגעגראָבן אין דעם נידער פון בערג. דעם אַרײַנגאַנג אין גרוב פלעגט מען צודעקן מיט דיקע צווײַגן און מיט בלעטער. אַ קליינע עפענונג האָט מען נאָר געלאָזט פאַר דעם רויך פון דעם פײַער, וואָס איז שטענדיק געווען צעלייגט אין דער הייל, פעלדזן־שפּאַלט אָדער גרוב.

אין די לאַנגע ווינטער־נעכט, אָדער אין די קאַלטע, עסיקע ווינטער־טעג און אין די רעגנדיקע זומער־טעג איז מען געזעסן באַהאַלטן אין די הײלן, געלעגן אַרום דעם פײַער און אָפט געהערט מעשׂיות פון דעם זיידן אָדער באָבען.

„אײַ, אַמאָל, אַמאָל איז געווען...”

„וואָס איז געווען אַמאָל?”

„איר מיינט דאָך, אַז איצט איז אַ גרויסער שטורעם אין דרויסן. מײַן טאַטע האָט מיר דערציילט, אַז אַמאָל, האָט געשנייט דרײַסיק טעג און דרײַסיק נעכט און די גאַנצע ערד איז צוגעדעקט געוואָרן מיט שניי. אין אַ סך ערטער האָט דער שניי דערגרייכט ביזן הימל. ווען דער שניי איז צעגאַנגען, איז די גאַנצע וועלט פאַרפלייצט געוואָרן. עס זײַנען אומגעקומען מענטש און חיה און פויגל, נאָר די, וואָס האָבן זיך באַהאַלטן אויף די שפּיצן בערג, נאָענט צום הימל, זײַנען געבליבן”.

„וואָס איז הימל, זיידע?”

„אַמאָל, אַמאָל, איידער גאָט האָט באַשאַפן הימל און ערד, איז די ערד געווען וויסט און ליידיק, וויסטקייט אָן...”

אויף אַלץ האָבן די זיידעס געהאַט אַ מעשׂה: „אַמאָל, אַמאָל...” און אָפט האָט דער זיידע אַליין עפּעס צוגעלייגט, און די צאָל מעשׂיות זײַנען געוואָקסן, און די מענטשן האָבן זיך פאַרמערט אויף דער ערד. אַזוי זײַנען אַוועק טויזנטער, הונדערטער טויזנטער יאָרן, דור נאָך דור.

און די מענטשן האָבן זיך פאַרמערט אויף דער ערד. פון אַ משפּחה איז געוואָרן אַ קלאַן, אַ גאַנצע גרופּע משפּחות מיט דעם זעלביקן נאָמען און עס זײַנען אויסגעוואָקסן שבֿטים און פון די שבֿטים — גאַנצע פעלקער, און די ערד איז געוואָרן פול מיט פעלקער, דערווײַטערט איינס פון אַנדערן.

עס זײַנען אַוועק טויזנטער, הונדערטער טויזנטער יאָרן, און מענטשן האָבן פאַרגעסן, אַז זיי שטאַמען פון איין טאַטע־מאַמע, פון איין משפּחה. יעדער פאָלק האָט גערעדט אַן אַנדער לשון, געגעסן אַנ־

דערע מאכלים, געקליידט זיך אַנדערש לויט דעם קלימאַט, ווי דאָס פאָלק האָט געלעבט. נישט נאָר פרעמד איז געוואָרן מענטש צו מענטש, נאָר מען האָט אָנגעהויבן פירן מלחמות. איצט זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט אַלערליי ראַסן: ווײַסע, שוואַרצע, געלע, און יעדער פאָלק מיט זײַן לשון.

אָבער ווי פאַרשיידן די פעלקער זאָלן נישט זײַן, ווי ווײַט זיי זאָלן נישט זײַן איינס פון צווייטן, דערציילן זיי זיך ענלעכע מעשיות, די זעלביקע מעשיות, נאָר אַביסל אַנדערש. דאָס רופט מען „וואַריאַנט". די מעשה איז אַביסל געענדערט, אַביסל איז צוגעגעבן, אַביסל אַראָפּגענומען, אָבער עס איז אַלץ די זעלביקע מעשה.

די הינדוסן בײַם טײַך גאַנגעס, די ענגלענדער בײַ דער טעמזע, די פראַנצויזן בײַם סען, די ליטווינער בײַם ניעמען, די אינדיאַנער בײַם טײַך מיסיסיפּי, די רוסן בײַ דער וואָלגאַ, די איראַקער בײַם פּרת און חידקל — אַלע דערציילן זיך איין און די זעלביקע מעשיות, געענדערט נאָר נאָך זייער לשון און געדאַנק.

די מעשיות פון אַלע פעלקער האָבן איין מקור, קומען פון איין קוואַל — פון דעם אַמאָל, אַמאָל, ווען ס'איז געווען בלויז איין משפּחה אויף דער וועלט. דאָס דאַרפן מיר געדענקען, טאָקע גוט געדענקען. אַזוי האָט טאַקע געהאַלטן אונדזער נביא מלאכי. ער זאָגט: „צי דען האָבן מיר אַלע נישט איין פאָטער? האָט אונדז אַלעמען נישט איין גאָט באַשאַפן"?

אַ גאַנץ לעבן האָב איך ליב געהאַט צו לייענען מעשיות פון פאַרשיידענע פעלקער. איצט, אויף דער עלטער (איר זאָלט וויסן, אַז איך בין שוין אַ זיידע פון פיר אייניקלעך, זאָלן לעבן און געזונט זײַן) האָב איך אָפּגעקליבן פופצן מעשיות און ברענג זיי אַ מתנה אײַך, אַרגענטינער ייִדישע קינדער. פופצן מעשיות וועגן חכמים, נאַראָנים און עקשנים. איר וועט אָפט שטאַרק לאַכן, אָבער אויך אָפט זיך פאַרטראַכטן. איר וועט אָבער אַלע מאָל זען, אַז מענטשן זײַנען מענטשן איבער גאָר דער וועלט.

די ראָזנמאַל משפּחה האָט אײַך צוגעטראָגן די מתנה. עס קומט איר אַ שיינעם דאַנק.

שלמה סיימאָן

# דער העלד

## לויט אַן אַלטע מעשה איבערדערציילט פון הענדריק וואַן לון
## (צפון־אַמעריקע)



מאָל, אַמאָל האָט געלעבט אַ שבט פון יעגערס, וואָס מען האָט גערופן „אנושי״. די אנושים האָבן געלעבט אין אַ האַלב־וויסטן ברייטן טאָל, אַרומגערינגלט מיט הויכע בערג, אָפּגעצאַמט, אָפּגעזונדערט און אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט.

אָרעם און נישט פרוכפּעריק איז געווען דער טאָל: ווייניק רעגן, שיטערע וועלדער, פעלדער פון לייימיקער ערד, פול מיט שטיינער, ווייניק טײַכן, דער הימל אַלעמאָל האַלב־פאַרוואָלקנט און די לופט אַ שווערע און אַ דעמפּיקע.

די מענער האָבן זיך פאַרנומען מיט יאַגד. טאָג און נאַכט האָבן זיי זיך געיאָגט נאָך האָזן און קראָליקלעך, וואָס האָבן זיך אויפגעהאַלטן אין די פעלדער מיט די קורצע פאַרטריקנטע גראָזן און אין די שיטערע וועלדלעך מיט די קליינע פאַרדאַרטע קוסטעס. די מענער האָבן ווייניק געפאַנגען, ווײַל עס זײַנען געווען ווייניק קראָליקלעך און האָזן אין דעם אָרעמען טאָל. די קליינע חיהלעך האָבן אויך געהאַט ווייניק עסן, האָבן זיי זיך נישט פאַרמערט.

די פרויען האָבן געאַקערט און געזייט, אָבער די ערד, אַ לייימיקע, פול מיט שטיינער, האָט צוריקגעגעבן ווייניק פאַר דער גאַנצער מי, וואָס מען האָט אין איר אַרײַנגעלייגט.

ווייניק פרייד איז געווען אין לאַנד. זעלטן האָט זיך געהערט אַ געלעכטער אין טאָל, ווײַל די אנושים זײַנען אַלעמאָל געווען פאַרהאַ־

רעוועט און האַלב הונגעריקע. אָבער דער שבט האָט געשטאַלצירט און זיך געגרייסט מיט זײַן היים, מיטן האַלב־ווײסטן טאָל. דער אַנושי־שבט האָט געדאַנקט און געלויבט די געטער פאַר דעם גרויסן גליק, וואָס זיי האָבן אים באַשערט: דאָס גליק צו לעבן אין אַזאַ געבענטשט לאַנד. אָפּגעריסן פון דער גאַנצער וועלט, פאַרשטעלט מיט די הויכע בערג, האָבן די אַנושים געגלויבט, אַז הינטער די בערג איז דער סוף צו דער וועלט, דער אַנהייב צו גאָרנישט, איין גרויסע ליידיקייט אָן זונשײַן און אָן אַ הימל, קיין ביימל, קיין גרעזל, קיין ערד. אַ ווײסטע ווײסטעניש, וואָס איז ליידיק און פינצטער.

די אַנושים זײַנען געווען שטאַרק פרום און דאָס לאַנד האָט געהאַט אַ סך טעמפּלען, טעמפּלען צו פאַרשיידענע געטער. יעדער טעמפּל האָט געהאַט הונדערטער פּריסטער און די אַנושים האָבן זיי אויסגעהאַלטן פון זייער אָרעמען פּאַרדינסט. יעדער אַנושי האָט געגעבן אַ צענטל פון זײַן אָרעמען פאַרמעג און טעגלעכן פאַרדינסט צום טעמפּל. אָבער די פּריסטער זײַנען נישט געווען צופרידן. זיי האָבן געמאָנט מער גע־שאַנק צו די געטער. מער פרומקייט. זיי האָבן געשטראָפט און גע־שראָקן די אַנושים:

„איר פאַסט ווייניק! איר בעט ווייניק צו גאָט! איר גיט ווייניק מתנות צו די טעמפּלען פון אונדזערע געטער! איר זינדיקט, איר זינ־דיקט! איר דאַנקט נישט גענוג די געטער פאַר דעם גרויסן גליק, וואָס זיי האָבן אײַך באַשערט! זיי האָבן אײַך אויסדערוויילט און אַרויסגע־נומען פון דער ווײסטער ווײסטעניש און אײַך געבראַכט אין דעם דאָזיקן געבענטשן טאָל, און איר זינדיקט. אויב איר וועט נישט פאַסטן מער, אויב איר וועט נישט בעטן נאָך מער צו די געטער און וועט נישט געבן קיין גרעסערע מתנות צו די טעמפּלען, וועלן די געטער אײַך צו־ריק פאַרוואַרפן אין דער ווײסטער ווײסטעניש פון יענער זײַט בערג און איר וועט אומקומען!"

אַזוי האָט געלעבט דער שבט הונדערטער און טויזנטער יאָרן, געלעבט אָרעם, האַלב הונגעריק און האַלב נאַקעט, אונטער גרויע הימ־לען, אויף אַ ליימיקער און נישט פרוכפּעריקער ערד, לעבן וועלדער פון פאַרדאַרטע ביימלעך און אונטער דער שרעק פון די פּריסטער. קיינער האָט קיינמאָל נישט געטראַכט אַריבערצוגיין די בערג און זען,

וואָס עס טוט זיך הינטער זיי. אַלע האָבן געגלויבט, וואָס די פּריסטער האָבן דערציילט, אַז הינטער די בערג איז דער סוף פון דער וועלט, אַ וויסטע וויסטעניש, וואָס איז ליידיק און פינצטער.

איין מאָל איז ביי דעם קעניג פון שבט געבוירן געוואָרן אַ קינד, אַ יינגל, מיט זעקס פינגערלעך אויף יעדער האַנט, מיט זעקס פּאַרטיקע ציין, פיר אין די אייבערשטע יאַסלעס און צוויי אין די אונטערשטע, און מיט אַ הויטיקער יאַרמעלקע אויפן קאָפּ. די פּריסטער האָבן געהאַלטן, אַז ס׳איז זייער אַ שלעכטער סימן פאַרן קינד און פאַרן פאָלק. וואָלט דאָס יינגל נישט געווען פון קעניגלעכן שטאַם, וואָלטן די פּריסטער אים אַרויסגעטראָגן צופוסנס פון די בערג און אים געלאָזט אויסגיין פון הונגער און קעלט, אָדער אַ שאַקאַל זאָל אים פאַרצוקן. אָבער אַ קינד, וואָס האָט אין זיך קעניגלעך בלוט, איז אַ הייליק קינד. מען האָט דאָס יינגל געלאָזט לעבן און מען האָט אים אַ נאָמען געגעבן „קאַווירי", וואָס האָט אויף דעם לשון פון די אַנושים געמיינט „מאָדנע, אַנדערש, אויסנאָם".

און קאַווירי איז טאַקע געוואַקסן אַנדערש פון אַנדערע קינדער פון טאָל. ער איז געווען העכער, שטאַרקער און שענער פון אַלע יינגלעך פון זיין עלטער. חוץ דעם האָט ער אויף אַלץ, וואָס מען האָט אים דערציילט, געפרעגט קשיות. ער האָט געהאַט אַ טבע אַלע מאָל צו פרעגן: „פון וואַנען ווייסט איר עס"?

ווען די פּריסטער האָבן אים אויסגעלערנט לייענען, האָבן זיי די ערשטע זאַך אַרויסגעלייענט פאַר אים פון די הייליקע שריפטן:

„הינטער די בערג איז גאָרנישט, דער סוף פון דער וועלט, אַן אייביקער תהום, ליידיק און פינצטער".

דאָס יינגל האָט אָנגעשטעלט אַ פּאָר גרויסע אויגן אויף זיין לערער און געפרעגט:

„פון וואַנען ווייסט מען עס?"

„וואָס מיינסטו, פון וואַנען ווייסט מען עס? אַזוי איז פאַרשריבן אין די הייליקע שריפטן" — האָט דער לערער געענטפערט.

„פאַרוואָס זאָלן מיר עס גלייבן?" — האָט וויַיטער געפרעגט קאַווירי — „מען קען דאָך צוגיין צו די בערג, אַרויפקלעטערן און אַ קוק טאָן צו ס׳איז אמת".

„מע טאָר אפילו נישט צוקומען צו נאָענט צו די בערג" — האָט

געענטפערט דער פּריסטער-לערער — „די אומריינע ווינטן, וואָס בלאָזן פון דאָרטן, ברענגען אויף דעם מענטשן די דאַרקייט פון הונגער און די טריקעניש פון דער ביטערער פּעסט".

„מיט וועמען האָט עס געטראָפן?" — האָט דאָס יינגל געפרעגט.

„וואָס מיינסטו, מיט וועמען ס'האָט געטראָפן? אַזוי שטייט פאַרשריבן אין די הייליקע ביכער" — האָט דער פּריסטער געענטפערט.

„מע דאַרף אַליין אַ קוק טאָן" — האָט קאַווירי געמורמלט צו זיך, און באַהאַלטן פון אַלעמען איז דאָס יינגל אַוועק צו די בערג, אַרויפגעקראָכן אַ היפּשן שטח באַרג-אַרויף, געשטאַנען דאָרט איבער אַ שעה און האָט אַריינגעאָטעמט די פרישע לופט. דערנאָך האָט ער זיך אומגעקערט צום טאָל. ניין, ער איז נישט קראַנק געוואָרן! ער האָט ביי זיך אָפּגעמאַכט, אַז ווען ער וועט אויסוואַקסן, וועט ער אַריבערגיין די בערג און זען, וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט וועלט.

אין אַ פרילינג פרימאָרגן, אַ וואָך נאָך דעם, ווי קאַווירי איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר, איז ער אַוועק צו די בערג אַ קוק טאָן, וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט וועלט. ער איז נישט געוואָרן. די פּריסטער האָבן געשאָקלט מיט די קעפּ:

„ער איז אַוועק צו די בערג נאָכצוקוקן און אויסצופאָרשן דאָס פאַרבאָרגענע און איז אַריינגעפאַלן אין דער ליידיקייט פון דעם סוף פון דער וועלט", און אַזוי האָבן זיי פאַרשריבן אין די כראָניקעס פון די טעמפּלען.



יאָרן און יאָרן זיינען אַריבער. ווידער אַ זעלטענער פרילינגפרימאָרגן. אויף דעם נידער פון אַ באַרג האָט זיך באַוויזן אַ גרויער, הויכער, שלאַנקער מאַן. ער איז אַראָפּ פון באַרג און איז אַריין אין טאָל.

די איינוווינער זיינען זיך צונויפגעלאָפן צו זען דעם גרויסן וווּנדער, וואָס אַ מענטש איז אַראָפּ פון די בערג אַ געזונטער, אַ מונטערער און דערצו נאָך אָנגעטאָן אין שיינע קליידער. די מענער, פרויען און קינדער זיינען געשטאַנען אַרום אים אין אַ ברייטן קרייז און האָבן

מורא געהאַט נישט נאָר ריידן צו אים, נאָר אַפילו צוגיין נאָענט צו אים. דער אַלטער מאַן האָט זיי אָנגעקוקט און האָט אויסגערופן:

„ליבע מענטשן פון טאָל, דערקענט איר מיך נישט? דערקענט איר נישט אײַער קעניגס יינגסטן זון, קאַווירי?"

„ניין!" — האָבן אַלע געענטפערט — „מיר קענען דיך נישט און מיר געדענקען דיך נישט!"

די מענטשן האָבן געזאָגט דעם אמת. ביי דעם שבט זיינען נישט געווען קיין אַלטע לייט, ווייל אַלע פלעגן שטאַרבן יונג פון הונגער און קעלט.

באַלד איז צוגעקומען צום רעדל מענטשן אַ פּריסטער. ווען ער האָט דערהערט דעם פרעמדנס רייד, האָט ער זיך אָנגערופן:

„יאָ, ביי אונדז אין די כראָניקעס איז פאַרשריבן, אַז דער קעניג טויזי האָט געהאַט אַ זון, קאַווירי, און אַז דער דאָזיקער קאַווירי איז נישט געגאַנגען אין די פרומע וועגן פון די געטער. איין מאָל איז ער אַוועק אין די בערג. ער האָט געוואָלט זען, וואָס עס טוט זיך אויף יענער זייט און איז אַרײַנגעפאַלן אין תהום פון גאָרנישט, אַרײַנגע־פאַלן אין דער וויסטעניש פון ליידיקייט פון דעם סוף פון דער וועלט".

דער אַלטער האָט געענטפערט רויִק און מיט אַ שמייכל:

„איך בין קאַווירי. איך בין אַריבערגעגאַנגען די בערג און פון יענער זייט פון אונדז איז נישט דער אָנהייב פון גאָרנישט, נישט דער סוף פון דער וועלט. פאַרקערט, אויף יענער זייט פון די בערג איז אַ שיין לאַנד, אַ גאָט־געבענטשט לאַנד. די זון שיינט דאָרט העלער ווי דאָ. די גראָזן זיינען דאָרט אַזוי הויך, ווי אונדזערע ביימער אין די וועלדער, און זייערע ביימער דערגרייכן ביזן הימל. אַ סך חיות און בהמות זיינען דאָרט פאַראַן און די ערד איז פעט און שוואַרץ. אויף די פעלדער וואַקסן ווייץ און קאָרן, קאַרטאָפל און קוקורוזע. דאָרט גייען אָפטע רעגנס און די טייכן זיינען פול מיט פיש. פרוכטביימער — גאַנצע וועלדער. ס'איז אַ געבענטשט לאַנד, נישט ווי אונדזער טאָל, וווּ די ערד איז שטיין, דער הימל — קופער און די לופט איז פול מיט פייכטן שטויב".

„ער לעסטערט די געטער!" — האָט דער פּריסטער אויסגערופן מיט שרעק און שוידער — „פאַרשטאָפּט די אויערן! מע טאָר נישט

הערן אזעלכע זינדיקע רייד! דו זאגסט ליגן, אלטער, ווייל אין אונדזע־רע הייליקע שריפטן איז פארשריבן אנדערש".

„דו זאגסט ליגן, דו פעטער פריסטער", — האט קאווירי געענט־פערט שוין בייז — „איך בין דארט אליין געוועזן און האב מיט מיינע אייגענע אויגן געזען דאס געבענטשטע לאנד. הערט זיך צו צו מיר און קומט מיט מיר! לאמיר גיין אויף יענער זייט פון די בערג, ווו די זון..."

„שמידט אים אין קייטן!" — האט דער פריסטער באפוילן די זעלנער — „און פארשטאפט אים דאס מויל, ווייל זיינע רייד וועלן ברענגען אויף אונדז דעם צארן פון די געטער!"

די זעלנער האבן געכאפט דעם אלטן, אים געשמידט אין קייטן און פארשפארט אין תפיסה.

***

אויפן צענטן טאג האט מען אין מיטן מארק אויפגעשטעלט א גרויסע פלאטפארמע. אויף דער בימה האבן זיך אויסגעזעצט אין א קרייז אלע פריסטער. הינטער זיי זיינען געשטאנען זעלנער מיט לאנגע שארף־שפיציקע שטעקנס. אויף דער פלאטפארמע, אין מיטן פון דעם קרייז פון די פריסטער, איז געשטאנען קאווירי, די הענט פארבונדן אויף הינטן, די פיס געשמידט אין קייטן און דאס מויל פארשטאפט מיט א שטיק לייוונט, אז ער זאל נישט קענען ווידער אמאל לעסטערן די געטער. די גאנצע באפעלקערונג איז געשטאנען אין מארק, גע־שריגן, געליארעמט און געשאלטן דעם פרעמדן, וואס האט גערעדט אזעלכע זינדיקע רייד און האט דערצארנט די געטער.

באלד איז אנגעקומען דער קעניג, אן אייניקל פון קאווירים ברו־דער. די פויקן האבן א קלאפ געטאן און ס'איז געווארן שטיל. דער הויפט־פריסטער האט זיך אנגערופן און געזאגט:

„הער, קאווירי, דער זינדיקער זון פון אונדזער באליבטן אמאליקן קעניג, טויזי, דו האסט שטארק געזינדיקט קעגן די געטער! דו האסט דערציילט ליגנס. דיינע רייד קענען דאך נישט זיין אמת, ווייל אין אונ־דזערע הייליקע שריפטן שטייט אנדערש פארשריבן. ווען דו וואלסט

נישט געווען פון קעניגלעכן שטאַם, וואָלטן מיר דיר פאַר אַזאַ לעסטע־רונג אַרויסגעריסן דײַן צונג מיטן וואָרצל, דערנאָך וואָלטן מיר דיך פאַרברענט לעבעדיקערהייט, דיך געבראָטן אויף אַ קליינעם פײַער, כדי דער טויט זאָל דיר אָנקומען שווער. אָבער דו ביסט פון קעניגלעכן אָפּשטאַם, ווערן מיר דיר דערלויבן חרטה צו האָבן אויף דײַנע רייד און תשובה טאָן. דערצייל דעם אמת, אַז דו האָסט אויסגעטראַכט זאַכן, וואָס זײַנען קיין מאָל נישט געשען. וועסטו תשובה טאָן, וועסטו באַ־פרײַט ווערן און לעבן, ווי איינער פון אונז. ענטפער מיט אַ שאָקל פון קאָפּ: „וועסטו תשובה טאָן?"

„ניין" — האָט קאַווירי געדרייט מיטן קאָפּ.

„באַרעכן, וואָס דו טוסט" — האָט דער הויפּט־פּריסטער ווײַטער גערעדט — „וועסטו בלײַבן בײַ דײַן אײַנגעשפּאַרטקייט און ליגנס, וועלן מיר דיך פאַרשטיינען אין מיטן מאַרק־פּלאַץ. דײַן פלייש וועלן מיר איבערלאָזן פאַר די ווילדע פייגל און דײַנע ביינער — אַ רויב פאַר די שאַקאַלן. דײַן נאָמען וועט בלײַבן ווי אַ קללה. דײַן משפּחה וועט זיך שעמען מיט דיר, ווײַל אַז מע וועט עמעצן וועלן שעלטן, וועט מען זאָגן: «זאָל זײַן סוף זײַן, ווי דער סוף פון דעם זינדיקן קאַ־ווירי!» זײַ זיך מודה פאַר אַלעמען, אַז דו האָסט דערציילט ליגנס און אַז אונדזערע הייליקע שריפטן דערציילן דעם אמת: הינטער די בערג איז אייביקע ליידיקייט, דער סוף פון דער וועלט, די וויסט־וויסטעניש, וואָס איז ליידיק און פינצטער. מיר דאָ זײַנען די גליקלעכע, די אויס־דערוויילטע פון די געטער און מיר דאַרפן זיי דאַנקען און לויבן פאַר זייער גענאָד".

דאָ האָט קאַווירי זיך געשטאַרקט און האָט מיט גרויס גבורה צע־ריסן די שטריק, וואָס האָבן אים געבונדן די הענט. ער האָט אַרויס־געכאַפּט דאָס טיכל, וואָס האָט פאַרשטאָפּט זײַן מויל, און איידער די פּריסטער זײַנען געקומען צו זיך, האָט ער אויסגעשריגן:

„הערט איר, מײַנע ברידער אנושים, איר קענט מיך פאַרשטיינען, — איר קענט מײַן לײַב צו די ווילדע פייגל אוועקגעבן און מײַנע ביינער צו די שאַקאַלן, אָבער וויסן זאָלט איר וויסן, אַז די הייליקע שריפטן זאָגן ליגן און איך דערצייל דעם אמת. איך האָב מיט מײַנע אייגענע אויגן געזען, אַז הינטער די בערג איז אַ פרוכפּעריק לאַנד, אַ גאָט־

געבענטשט לאַנד. נעמט זיך צונויף, איר אַלע, און איך וועל אײַך אַרויספירן פון דעם פאַרשאָלטענעם טאָל. איך זאָג אײַך...״

די אנושים האָבן אָנגעהויבן שרײַען און ליאַרעמען:

„ער לעסטערט די געטער!״

„אומגליק וועט ער ברענגען אויף אונדז!״

„דער צאָרן פון די געטער וועט זיך אויסגיסן אויף אונדזערע קעפּ!״

„פאַרשטאָפּט אים צוריק דאָס מויל!״

„רײַסט אים אַרויס די צונג מיטן וואָרצל!״

„פאַרברענט אים!״

„פאַרשטיינט אים!״

מען האָט קאַווירין צוריק פאַרבונדן די הענט אויף הינטן, אים פאַרשטאָפּט דאָס מויל און אים צוגעשמידט צו אַן אײַזערנעם זײַל, וואָס איז געשטאַנען אין מיטן מאַרק, און יעדער איינער פון זײַן פאָלק האָט געוואָרפן אַ שטיין אויף אים.

קאַווירי איז געשטאָרבן מיט אַ מאַרטירער טויט.

***

עס איז אַוועק אַ צײַט און אויף דעם שבט אנושים איז אָנגעקומען זייער אַ שלעכט יאָר. קיין רעגן איז נישט געגאַנגען. די קורצע גראָזן אויף די פעלדער זײַנען פאַרוועלקט געוואָרן און ס׳איז נישט געווען קיין פּאַשע פאַר די בהמות. די קראַליקלעך און די האָזן זײַנען אין גאַנצן פאַרשוווּנדן. דאָס פאָלק האָט אָנגעהויבן הונגערן און אויסשטאַרבן.

אַ גרויסער טרויער און שרעק איז אָנגעפאַלן אויף דעם שבט. אָבער די פּריסטער האָבן נישט גערוט. זיי האָבן געקניט פאַר די געטער און גערייכערט צו זיי ווײַרעך טאָג און נאַכט אָן אַן אויפהער. אָבער קיין רעגן איז אַלץ נישט געקומען. זיי האָבן אויסגעשריגן אַלערליי תפילות. זיי האָבן גענומען די געטער אויף די אַקסלען און געגאַנגען אין לאַנגע פּראָצעסיעס אַרום די פעלדער — אַ זיכערער מיטל קעגן טריקעניש. אָבער קיין רעגן איז נישט געקומען.

די אנושים האָבן אָנגעהויבן מורמלען:

„געדענקט איר, וואָס קאַווירי האָט אונדז דערציילט?"

'אַוודאי געדענקען מיר. אפשר האָט ער דערציילט דעם אמת?"

„טאַקע, ווו איז ער געווען די גאַנצע צייַט?"

„מיר האָבן דאָך געזען מיט אונדזערע אייגענע אויגן. ווי ער איז אַראָפּ פון באַרג!"

וואָס מער דער הונגער האָט זיך פאַרשטאַרקט, אַלץ מער מענטשן האָבן אָנגעהויבן גלייבן אין קאַווירין. ווען אַ האַלבער שבט איז אויסגעשטאָרבן, האָט דאָס פאָלק זיך פאַרזאַמלט אויפן מאַרק-פּלאַץ און גענומען שרייַען:

„פירט אונדז אַריבער די בערג צום צוגעזאָגטן לאַנד פון קאַווירין!"

די פריסטער האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו פירן דאָס פאָלק. זיי האָבן געשטראָפט און געסטראַשעט מיט דעם צאָרן פון די געטער. ווען דאָס האָט נישט געהאָלפן און דאָס פאָלק איז אַלץ געווען ווידערשפּעניק, האָבן די פריסטער באַפוילן די זעלנער צו שיסן אויף די פאַרזאַמלטע. אָבער די זעלנער זייַנען אויך געווען הונגעריק און זיי האָבן זיך אָפּגעזאָגט צו שיסן אויף זייערע ברידער. דעמאָלט האָט דאָס פאָלק אויסגערופן:

„לאָמיר מאַכן איינעם פון אונדז פאַר אַ הויפּטמאַן און זאָל ער אונדז פירן דורך די בערג צום צוגעזאָגטן לאַנד!"

זיי האָבן באַלד אויסגעקליבן אַ הויפּטמאַן. ער האָט אויפגענייט אַ פאָן, אָנגעשריבן אויף איר דרייַ ווערטער: „צו קאַווירים לאַנד!" און די אנושים האָבן זיך אַוועקגעלאָזט איבער די בערג.

***

און דאָס פאָלק איז אַריבער די בערג און האָט דערזען, אַז קאַווירי איז געווען גערעכט. הינטער די בערג האָט זיך געשפּרייט אַ פּרוכפּעריק לאַנד. די זון האָט העל געשייַנט. די וועלדער זייַנען דאָרטן געווען פול מיט יאַגד און די טייַכן מיט פיש. אויף די פעלדער איז געוואַקסן ווייץ און קאָרן, קאַרטאָפל און קוקורוזע, און אפילו בלומען.

דער שבט האָט פאַרנומען אַ גרויס שטיק לאַנד און האָט עס באַ-

אַרבעט. ווען די אנושים האָבן זיך איַינגעזעגנט און האָבן אויפגעבויט שטעט און שטעטלעך, האָבן זיי זיך דערמאָנט אין דעם מאַרטירער, קאַווירי, וואָס האָט דער ערשטער געוואָגט אַריבערצוגיין די בערג און האָט געבראַכט די בשורה פון דעם אויסדערוויילטן לאַנד. זיי האָבן אַוועקגעשיקט שלוחים אויפצוזוכן קאַווירים ביינער און זיי צו ברענגען צוריק אין דעם געבענטשטן לאַנד. זיי האָבן געוואָלט מקבר זיַין די ביינער מיט גרויס כבוד און אויפשטעלן אַ מצבה אויפן קבר פון דעם מאַרטירער. אָבער די שלוחים האָבן זיך אומגעקערט מיט ליידיקן. פון קאַווירין איז נישט געבליבן קיין זכר און קיין סימן.

דעמאָלט האָט דער הויפּטמאַן אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז יעדער דאָרף, יעדע שטאָט און שטעטל זאָל אָפּטיילן אַ שטיקל ערד פאַר אַ בלומען־גאָרטן און אין מיטן פון בלומען־גאָרטן זאָל מען אויפשטעלן אַ דענקמאָל נאָך דעם העלד, קאַווירי, וואָס דאָס פאָלק האָט אים פאַרשטיינט פאַר זאָגן דעם אמת.

דאָס האָט געטראָפן מיט הונדערטער יאָרן צוריק. איצט טרעפט עס אויך. ווען עס אַ מאָל זיַין אַנדערש?



# פייער און ווינט

## אַ כינעזישע פֿאָלקס־מעשה



מאָל האָט אין כינע געלעבט אַ רײַכע פֿרוי. זי האָט געהאַט צוויי זין. די זין האָבן חתונה געהאַט, האָט די רײַכע פֿרוי אַרײַנגעקראָגן צוויי שניר. אין כינע איז דעמאָלט געווען אײַנגעפֿירט, אַז אַ שנור מוז באַדינען איר שוויגער. אַ שנור מוז פֿאָלגן איר שוויגער און אַ שנור טאָר נישט פֿאַרלאָזן די שטוב, אַפֿילו נאָר אויף אַ שפּאַציר, אָן דער שוויגערס דערלויבעניש.

די צוויי שניר זײַנען געווען גוטע כינעזישע טעכטער. האָבן זיי באַדינט די שוויגער, זי געפֿאָלגט און נישט געטאָן די קלענסטע זאַך אין שטוב, סײַדן די שוויגער האָט זיי געזאָגט, אַז זיי מעגן עס טאָן.

ס'איז אַריבער אַ יאָר און די שניר האָבן זיך פֿאַרבענקט נאָך דעם דאָרף, ווו זיי האָבן זיך אויסגעהאָדעוועט, און אויך נאָך זייערע טאַטע־מאַמע האָבן זיי זיך פֿאַרבענקט.

זײַנען ביידע שניר געקומען צו דער שוויגער און האָבן געזאָגט:

„שוויגער טײַערע, שוויגער ליבע, מיר בענקען נאָך טאַטע־מאַמע, מיר בענקען נאָך דעם דאָרף, ווו מיר האָבן זיך אויפֿגעהאָדעוועט, מיר ווילן זען אונדזערע ברידער און שוועסטער. זײַ גנעדיק צו אונדז און לאָז אונדז פֿאָרן אַהיים אויף צוויי וואָכן".

האָט די רײַכע שוויגער בייז געענטפֿערט:

„איר וועט אַוועק אַהיים, און ווער וועט מיר מײַן טיי צוגרייטן? ווער וועט מיר די שיך פּוצן און ווער וועט מיר דאָס בעט אויסבעטן?

ווער וועט די פּענצטער פאַרמאַכן, ווען אַ רעגן־שטורעם וועט אָנקו־
מען? גייט צוריק צו אײַער אַרבעט, פּוילערקעס וואָס איר זײַט!״
זײַנען די צוויי יונגע פרויען אַוועק צוריק צו זייער אַרבעט.
וואָכן זײַנען אַריבער און זייער בענקשאַפט איז נאָך שטאַרקער



געוואָרן. זיי זײַנען געוואָרן זייער אומעטיק, זיי האָבן ווייניק געגעסן,
ווייניק געטרונקען און האָבן שטילערהייט געוויינט.
דער רײַכער פּרוים זין האָבן נישט געקאָנט צוזען דעם טרויער
און צער פון זייערע ווײַבער. זײַנען זיי געקומען צו דער מאַמען און
האָבן געזאָגט:

„בענקען בענקען אונדזערע ווײַבער נאך זייערע טאטע־מאמע און נאך זייער דארף. לאז זיי גיין אהיים אויף צוויי וואכן, וועלן זיי אויפהערן וויינען און זיפצן".

האט די אלטע בייזע מאמע געענטפערט:

„זאלן זיי וויינען און זיפצן! זאלן זיי בענקען אהיים! איך וועל זיי נישט אוועקלאזן פון זיך. ווער וועט מיר מײַן טיי צוגרייטן? ווער וועט מיר די שיך פוצן און מײַן בעט אויסבעטן? און ווער וועט די פענצטער פארמאכן, ווען א רעגן־שטורעם וועט אנקומען?"

די יונגע שניר האבן געזען, אז זייער שוויגער איז אײַנגעשפארט און אז זי וועט זיי קיין מאל נישט לאזן זען דאס דארף, וווּ זיי זײַנען געבוירן געווארן. זיי וועלן זיך שוין קיין מאל נישט צעקושן מיט טאטע־מאמע און קיין מאל, קיין מאל וועלן זיי שוין נישט אנקוקן זייערע ברידער און שוועסטער. זײַנען די צוויי יונגע פרויען נאך טרויעריקער געווארן. זיי האבן אין גאנצן אויפגעהערט עסן און טרינקען און שלאפן, און צום סוף זײַנען זיי קראנק געווארן.

די אלטע שוויגער האט דערזען, אז אירע שניר זײַנען קראנק, ליגן פארשלאפטע אין די בעטן און קענען נישט פוצן קיין שיך, צוגרייטן קיין טיי און אויסבעטן דאס בעט אדער פארמאכן די פענצטער. האט די פרוי געטראכט:

„באדינען מיך קענען זיי נישט. זאלן זיי גיין. זיי וועלן קומען צוריק געזונטע, שטארקע און אויסגערוטע, וועלן זיי קענען בעסער הארעווען פאר מיר. אבער איך וועל זיי באשטראפן פאר פארלאזן מיך".

האט זי געזאגט צו אירע שניר:

„גייט, גייט אײַך אהיים צו אײַער דארף, איר פאלשע שניר, אבער א שוויגער דארף מען ברענגען א מתנה, ווען מע קומט צוריק. וויל איך, אז איר זאלט מיר ברענגען פײַער אײַנגעוויקלט אין פאפיר און ווינט באהאלטן אין פאפיר. גייט, גייט אהיים און קומט צוריק אין צוויי וואכן ארום. פארגעסט אבער נישט די מתנה!"

ווען די שניר האבן דערהערט, אז זיי מעגן גיין אהיים אויף צוויי וואכן, זײַנען זיי באלד געזונט געווארן. זיי האבן אנגעהויבן זינגען און

טאַנצן, זיך גיך איינגעפּאַקט און זיינען אַוועק. פאַר גרויס פרייד האָבן זיי נישט געטראַכט וועגן דעם, וואָס זייער שוויגער האָט זיי אָנגעזאָגט.

***

די צוויי שניר זיינען אָנגעקומען אין זייער דאָרף. טאַטע־מאַמע האָבן זיך דערפרייט מיט זייערע געסט. די ברידער און שוועסטער האָבן זיך אַרומגעכאַפּט מיט זיי, זיי געקושט און געלאַכט, און געזונגען, און געטאַנצט פון גרויס שמחה. מען האָט געגרייט דעם טיש און מען האָט געגעסן, געטרונקען און זיך געפרייט. איידער מען האָט זיך אומגעקוקט, זיינען די צוויי וואָכן אַריבערגעפלויגן.

אַז ס'איז געקומען די שעה זיך צו געזעגענען מיט זייערע פאַמיליעס, האָבן די יונגע פרויען זיך דערמאָנט אין זייער שוויגערס מתנה. זיי זיינען געבליבן שטיין, ווי צוויי שטיקער האָלץ:

„ווי קען מען ברענגען פייער איינגעוויקלט אין פּאַפּיר? ווי קען מען טראָגן ווינט באַהאַלטן אין פּאַפּיר?"

די שנירן האָבן זיך צעוויינט. אַלע וויינען, ווען מען פאַרלאָזט טאַטע־מאַמע, ברידער און שוועסטער, האָט זיך קיינער נישט געוואונדערט, וואָס זיי וויינען. אָבער אַז די צוויי פרויען זיינען געשטאַנען און האָבן נישט אויפגעהערט צו וויינען, האָט דער עלטסטער פון דאָרף געזאָגט צו זיי:

„גענוג, איר כינעזישע טעכטער, איר האָט שוין גענוג געוויינט. גייט געזונטערהייט און קומט אָן געזונט צו אייער שוויגער".

די שניר האָבן זיך שטאַרקער צעוויינט און האָבן זיך נישט גערירט פון אָרט. האָט דער עלטסטער פון דאָרף געזאָגט:

„ס'איז נישט שיין צופיל וויינען! אייערע אויגן וועלן ווערן רויט, אייערע באַקן וועלן געשוואָלן ווערן, איר וועט ווערן מיאוס און אייערע מאַנען וועלן אייך מער נישט ליב האָבן. הערט אויף צו וויינען און גייט צו אייער שוויגער".

האָבן ביידע שניר זיך נאָך שטאַרקער צעוויינט און האָבן דערציילט דעם עלטסטן פון דאָרף וועגן די צוויי מאָדנע מתנות, וואָס זייער שוויגער האָט זיי געהייסן ברענגען. האָט דער עלטסטער פון דאָרף געזאָגט:

„זייט נישט, קינדערלעך, איך וועל אײַך אויסלערנען ווי צו באַהאַלטן ווינט אין פּאַפּיר און ווי מען קען אײַנוויקלען פֿײַער אין פּאַפּיר".

און ער האָט זיי טאַקע אויסגעלערנט און די שניר זײַנען אַוועק פֿריילעכע אַהיים צו זייער בייזער אַלטער שוויגער.

קומען די צוויי שניר אַהיים און די שוויגער באַגעגנט זיי מיט אַ פֿאַלשן שמייכל און זאָגט:

„צוערשט, קינדער מײַנע, עפֿנט די פֿענצטער, פֿאַרבעט דאָס בעט און פּוצט מיר אָפּ מײַנע שיך. דערנאָך, אַז איר וועט פֿאַרטיק ווערן, פֿאַרבריט מיר טיי און ברענגט עס מיר אויף דער וועראַנדע אין דעם געבלימלטן פֿאַרצעלײַענעם טיי־טעפּל".

די שניר האָבן אַזוי געטאָן. די שוויגער האָט געגעבן עטלעכע זופּ טיי און האָט געזאָגט:

„און איצט, טעכטער מײַנע, וווּ זײַנען מײַנע מתּנות?"

„מיר האָבן געבראַכט די מתּנות, וואָס דו האָסט אונדז געהייסן ברענגען".

שמייכלט די שוויגער און זאָגט:

„קיינער קען נישט אײַנוויקלען קיין פֿײַער אין פּאַפּיר און קיינער קען נישט באַהאַלטן קיין ווינט אין פּאַפּיר. ליגן זאָגט איר! ליגן זאָגט איר!"

שמייכלט די ערשטע שנור און שוויַיגנדיק נעמט זי אַרויס אַ פּאַפּירענעם לאַמטערן און שטעלט אין אים אַרײַן אַ ליכט. זי צינדט אָן דאָס ליכט און זאָגט צו דער שוויגער:

„אָט איז פֿײַער אײַנגעוויקלט אין פּאַפּיר".

און די צווייטע שנור נעמט אַרויס פֿון קעשענע אַ פֿאָכער, צעעפֿנט אים און הייבט אָן פֿאָכען מיט אים. בלאָזט אַ קיל ווינטל אויף דער שוויגערס פֿאַרשוויצט פּנים און די שנור זאָגט:

„אָט איז ווינט באַהאַלטן אין פּאַפּיר".

די שוויגער האָט געשוויגן און האָט גאָר נישט געענטפֿערט. אין האַרצן איז זי געווען צופֿרידן, וואָס זי האָט אַזעלכע צוויי קלוגע שניר.

פֿון דעמאָלט אָן נוצט די וועלט לאַמטערנס און פֿאָכערס.

# אַ טויטער וואָס רעדט

## אַן אינדישע מעשה



ייַט-וויַט אין אינדיע איז געווען אַ חברה מאָנאַכן. די חברה איז געווען זייער אָרעם און די מאָנאַכן האָבן נישט געהאַט גענוג געלט צו בויען אַ מאָ־נאַסטיר. האָבן זיי געוווינט אין בײַדלעך. זייער פירער איז געווען דער קלוגער דאַנדאַקאַ.

ס׳איז געווען איידער דער גרויסער רעגן-סעזאָן האָט זיך אָנגעהויבן. ווי אַ גוטער איבערגעגעבע־נער פירער, האָט דאַנדאַקאַ באַקוקט די בײַדלעך, צי זיי זײַנען שטאַרק גענוג און גאַנץ. אין איין בײַדל האָט ער באַמערקט, אַז דער סלופּ, דער שטאַנג, וואָס האַלט אונטער די לײַוונט, איז אין גאַנצן צעפּוילט. דאַנ־דאַקאַ איז אַוועק אין וואַלד אָפּצוזוכן עפּעס אַ גראָבן קלאָץ. אַז מען זוכט, געפינט מען. ער האָט געפונען אַ גרויסן בוים מיט דיקע צווײַגן. ער האָט אַרויפגעקלעטערט אויפן בוים, זיך אַוועקגעזעצט אויף אַ שטאַרקן גראָבן צווײַג און האָט אים אָנגעהויבן אַרונטערצוזעגן. אַ פאַרבײַפאָרער האָט באַמערקט, ווי דאַנדאַקאַ זיצט אויף דעם צווײַג און זעגט אים. האָט ער זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

„אָ, דאַנדאַקאַ, דו נאַר איינער," אויב דו וועסט אָפּזעגן דעם צווײַג, וואָס דו זיצסט אויף אים, וועסטו דאָך אַראָפּפאַלן און געהרגעט ווערן".

דער מאָנאַך האָט זיך צוגעהערט צום פאַרבײַפאָרער און האָט ווײַטער געזעגט דעם צווײַג. ער האָט געזעגט און געזעגט, ביז דער צווײַג האָט זיך אָפּגעבראָכן און דאַנדאַקאַ איז אַראָפּגעפאַלן מיט אַ קראַך.

ליגט דער מאַנאַך אויף דער ערד און טראַכט:

„דער פֿאַרבײַפֿאַרער איז אַפֿנים זייער אַ קלוגער. אַט פּונקט ווי ער האָט פֿאָרויסגעזאָגט, אַזוי איז טאַקע געשען. דער צווײַג האָט זיך אָפּגעבראָכן און איך בין אַראָפּגעפֿאַלן. ער האָט אויך געזאָגט, אַז איך וועל געהרגעט ווערן. נו, די ערשטע צוויי זאַכן זײַנען שוין געשען: דער צווײַג האָט זיך אָפּגעבראָכן און איך בין אַרונטערגעפֿאַלן. איז דאָך אַ סימן, אַז די דריטע זאַך איז אויך אַן אמת. איך בין געשטאָרבן, איך בין טויט. אויב אַזוי, דאַרף איך זיך אויפֿפֿירן ווי אַ לײַטישער מת".

ליגט דער מאַנאַך און טוט נישט קיין ריר מיט קיין גליד. מענטשן האָבן זיך אַרומגעקליבן אַרום אים און ער ליגט — נישט ער רעדט, נישט ער שטעלט זיך אויף. ער האָט אַפֿילו דעם אָטעם אײַנגעהאַלטן.

די מענטשן האָבן אים געמינטערט, אָבער דאַנדאַקאַ האָט דאָך געוווּסט, אַז ער איז טויט. האָט ער אײַנגעהאַלטן דעם אָטעם און נישט געעפֿנט די אויגן, ווי עס פּאַסט פֿאַר אַ מת.

די מענטשן זײַנען אַוועק צו די מאַנאַכן און האָבן זיי דערציילט, אַז זייער רבי, זייער פֿירער, דאַנדאַקאַ, איז דערהרגעט געוואָרן.

זײַנען די מאַנאַכן געקומען, האָבן אים אויסגעטאָן די קליידער און אים אָנגעטאָן תכריכים. זיי האָבן אים אַרײַנגעלייגט אין אַ טרונע און אים אָנגעהויבן טראָגן צום שײַטערהויפֿן, צו פֿאַרברענען, ווי עס פֿירט זיך אין אינדיע.

טראָגן זיי אים און זינגען תפֿילות, און דאַנדאַקאַ ליגט אויסגע־צויגן, ווי אַ גראָף און וואַרט: אַט וועלן זיי אים פֿאַרברענען אויפֿן שײַטערהויפֿן, ווי דער דין איז.

⁂

גייען די מאַנאַכן, טראָגן די טרונע מיטן מת, ביז זיי קומען צו צו אַ שײַדוועג: איין וועג רעכטס און איין וועג לינקס. ווייסן זיי נישט וווּהין צו גיין. שטעלן זיי אַראָפּ די טרונע און הייבן זיך אָן צו קריגן. עטלעכע מאַנאַכן זאָגן, אַז מען דאַרף זיך נעמען רעכטס. די אַנדערע זאָגן, אַז מען דאַרף זיך נעמען לינקס. קריגן זיי זיך און קריגן זיך, ביז דאַנדאַקאַ פֿאַרלירט זײַן געדולד. ער זעצט זיך אויף אין טרונע און רופֿט זיך אָן:

„ליבע, טײַערע חברים מײַנע, קריגט זיך נישט. איר האָט שטענ־דיק זיך גענומען לינקס, ווען איר האָט געטראָגן אַ טרונע".

אָפּגעזאָגט און זיך צוריק אַוועקגעלייגט. זאָגן די מאָנאַכן:

'דאנדאקא האָט שטענדיק געזאָגט דעם אמת און נאָר דעם אמת. מיר וועלן זיך פאַרנעמען לינקס".

די מענטשן, וואָס זײַנען דערבײַ געווען, האָבן אויסגעשריגן צו די מאָנאַכן:

„וואָס טוט איר, נאַרישע מאָנאַכן? פאַרוואָס טראָגט איר אײַער פירער צום שײַטערהויפן? ער לעבט דאָך!"

האָבן די מאָנאַכן געענטפערט:

„ניין, ער איז טויט!"

„אָבער ער רעדט דאָך. האָט איר ווען געהערט אַ טויטן רעדן?"

— האָבן געטענהט די מענטשן.

„איר זײַט טאַקע גערעכט" — האָבן די מאָנאַכן געענטפערט — „מיר האָבן קיין מאָל נישט געהערט אַ טויטן ריידן. אָבער לאָמיר פרעגן דאנדאקאן. ער וועט זאָגן דעם אמת. ער האָט קיין מאָל קיין ליגן נישט געזאָגט".

און די מאָנאַכן האָבן געפרעגט דאנדאקאן:

„דאנדאקא, דאנדאקא, זאָג אונדז, ביסטו טויט, צי לעבעדיק?"

„טויט!" — האָט דאנדאקא געענטפערט קורץ און שאַרף.

„פון וואַנען ווייסטו עס, דאנדאקא?" — האָבן די מאָנאַכן ווײַטער געפרעגט.

דערציילט זיי דאנדאקא, ווי ער האָט געזעגט אַ צווײַג, ווי אַ דורכ־פאָרער האָט אים געוואָרנט, און ער פאַרענדיקט:

„וואָס ער האָט פאָרויסגעזאָגט, איז מקוים געוואָרן: דער צווײַג האָט זיך אָפּגעבראָכן, איך בין אַראָפּגעפאַלן. נו, דאָס דריטע, אַז איך וועל שטאַרבן, איז אויך זיכער געשען. איך בין טויט!"

„ס'איז גערעדט מיט שכל!" — האָבן געזאָגט די מאָנאַכן.

שרײַען די אַרומיקע:

„ער איז אפשר משוגע געוואָרן, אָבער טויט איז ער נישט. אַ טויטער קען נישט ריידן!"

זײַנען די מאָנאַכן געשטאַנען צעטומלט און האָבן נישט געוווּסט,

וואָס צו טאָן. צום גליק איז אָנגעקומען דער פאַרבײַפאָרער, וואָס האָט געזען דאנדאקאן זעגן דעם צווײַג. ווען ער האָט דערהערט דעם טומל, האָט ער געזאָגט:

„און מיר גלייבסטו, דאנדאקאָ?"

„אוודאי" — ענטפערט דער מאַנאַך — „ס'איז געשען, ווי דו האָסט פאָרויסגעזאָגט".

„נו, זאָג איך דיר, אַז דו לעבסט!"

„ביסטו זיכער?"

„אוודאי".

„איז טאָקע גוט" — זאָגט דאנדאקא — „איך בין טויט הונגעריק".

דאנדאקא איז אַרויס פון טרונע, האָט זיך אַוועקגעזעצט אויף דער ערד און האָט אָנגעהויבן קײַען ברויט און פאַרטרינקען מיט וואַסער. די אַרומיקע האָבן זיך צעלאַכט:

„זעט, אַ טויטער עסט!"

די מאַנאַכן האָבן נישט פאַרשטאַנען, פאַרוואָס מען לאַכט פון דעם ערלעכן, גלייביקן דאנדאקאָן.



# אַן אָפּענע טיר

## אַן אינדישע בעלעם־מעשה



ס איז געווען אַ קאַלטע, רעגנדיקע האַרבסט־נאַכט אין בעלעם. דער ווינט האָט געריסן טיר און לאָדן. אין מיטן נאַכט הערט אַברהם, ווי די טיר פון הויז קלאַפּט. וועקט ער אויף זײַן ווײַב, מירטל, און זאָגט צו איר:

„מײַן ווײַב, האָסטו פאַרשלאָסן די טיר?"

ענטפערט מירטל:

„מאַן מײַנער, כ'האָב געמיינט, אַז דו האָסט פאַרשלאָסן".

„איך האָב די טיר נישט פאַרשלאָסן" — זאָגט אַברהם — „גיי און פאַרשליס".

„גיי דו און פאַרשליס" — זאָגט מירטל.

זאָגט אַברהם:

„ניין, איך גיי נישט אַראָפּ אין אַזאַ קעלט, און דו ווייסט דאָך, אַז איך זאָג נישט, איז נישט".

זאָגט מירטל:

„די גאַנצע וועלט ווייסט, אַז דער מאַן איז אַ רב, איז דאָס ווײַב אַ רביצן; אַז דער מאַן איז אַ שוסטער, איז דאָס ווײַב אַ שוסטערקע. ביסטו אַן עקשן, מײַן מאַן, בין איך אַן עקשנטע. איך בלײַב אויך אין בעט און ריר זיך נישט פון אָרט".

זאָגט אַברהם:

„דו רעדסט מיט שכל. ווייסטו וואָס? מיר וועלן אָפּמאַכן בײַ זיך,

אַז ווער פון אונדז וועט אָנהייבן ריידן פריִער, וועט גיין פאַרשליסן די טיר".

זאָגט מירטל:

„אָפּגעמאַכט".

ליגן זיי און שווייַגן. דער ווינט בלאָזט און די אָפענע טיר קלאַפּט, קלאַפּט, אַז דאָס הויז ציטערט, אָבער ביידע שווייַגן און רירן זיך נישט פון אָרט.

דער רעגן גיסט, דער ווינט בלאָזט, אין הויז איז נאָס און קאַלט וועלף צו טרייַבן, אָבער אברהם און מירטל רירן זיך נישט פון אָרט.

שוין גאָר פאַרטאָג הערן מאַן און ווייַב טריט און מענטשלעכע שטימעס. גנבים ריידן. איין גנב זאָגט:

„זע נאָר, אַן אָפענע טיר! לאָמיר אַרייַנגיין און זען, וואָס מען קען אַרויסטראָגן פון שטוב".

זאָגט דער צווייטער גנב:

„רייד נישט אַזוי הויך! אפשר זייַנען די באַלעבאַטים אין דער היים, נאָר זיי שלאָפן?"

„מאַך זיך נישט נאַריש!" — ענטפערט דער ערשטער — „דו הערסט, ווי די טיר קלאַפּט? זי וואָלט אַ טויטן אויפגעוועקט. מסתמא איז קיינער נישטאָ. קום".

הערן מאַן און ווייַב, ווי די גנבים גייען אַרייַן אין שטוב און הייבן אָן אויסצולייזדיקן אַלע צימערן. מאַן און ווייַב אָבער רירן זיך נישט פון אָרט.

די גנבים טוען זייער אַרבעט, פּאַקן איין אַלץ, וואָס קומט זיי אונטער דער האַנט. מאַן און ווייַב ווייסן, אַז זיי וועלן בלייַבן הויל און נאַקעט, אָבער זיי לאָזן נישט אַרויס קיין פּיפּס פון מויל.

די גנבים האָבן אַלץ צונויפגענומען און זייַנען אַוועק. די טיר האָבן זיי געלאָזט אָפן, ווי זיי האָבן זי געפונען.

***

ס'איז אַוועק די נאַכט, ס'איז געקומען דער פרימאָרגן. מאַן און ווייַב זייַנען אויפגעשטאַנען און האָבן זיך אַרומגעקוקט. די שטוב איז

פוסט. די גנבים האָבן נישט איבערגעלאָזט קיין פענדל אויף אָפּצוקאָכן אַביסל גרויפּן אויף אָנבײַסן. קוקן מאַן און ווײַב זיך איבער און שווײַגן.

גייט מירטל אַרויס פון שטוב, גייט צו אַ שכנה אָנטלײַען עפּעס אויף אָנבײַסן. אָבער די טיר פאַרמאַכט נישט די עקשנטע. קומט זי צו דער שכנה און ווי דער שטייגער איז בײַ פרויען, פאַרדעדט זי זיך און זאַמט זיך אַ היפּשע צײַט.

דערווײַל איז אַ שערער פאַרבײַגעגאַנגען דאָס הויז מיט דער אָפענער טיר. אין יענע צײַטן פלעגן שערער גיין פון הויז צו הויז און פרעגן, ווער עס וויל זיך אָפּשערן, און טאַקע אָרומשערן די קינדער אָדער דערוואַקסענע גלײַך אין שטוב.

זעט דער שערער, ווי אברהם זיצט שטום אויף אַ בענקל אין מיטן שטוב און איז פאַרטראַכט. זאָגט דער שערער:

„אפשר ווילט איר זיך אָרומשערן, ר׳ אברהם?"

שווײַגט אברהם און ענטפערט נישט. נו, אַז מען זאָגט נישט „ניין", מיינט מען דאָך „יאָ". צעלייגט דער שערער זײַן האַנטעך, זײַן שער, זײַן שיסל, זײַן זייף און גאָלמעסער און נעמט זיך צו דער אַרבעט. ער שערט און שערט, דערנאָך פרעגט ער:

„גענוג, ר׳ אברהם?"

אברהם שווײַגט. שערט דער שערער ווײַטער, שערט און שערט. אברהם קוקט שוין אויס, ווי אַן אָרומגעשווירענער שעפּס. פרעגט דער שערער:

„גענוג?"

שווײַגט אברהם. טראַכט דער שערער:

„וואָס איז דאָס פאַר אַן אָנשיקעניש? נו, מילא, פאַרפאַלן!"

נעמט ער די זייף, זייפט אַן אברהמס קאָפּ און גאָלט אים אָפּ. אָפּגעגאָלט דעם קאָפּ, זאָגט דער שערער:

„צו אַזאַ הוילן קאָפּ פּאַסט נישט אַזאַ לאַנגע באָרד. אָרומשערן אַביסל?"

אברהם שווײַגט. דער אמתער עקשן. נעמט זיך דער שערער צו דער באָרד, שערט און שערט, און אברהם שווײַגט. פוילט זיך נישט דער שערער און גאָלט אָפּ אברהמס שיינע באָרד. אברהם שווײַגט נאָך אַלץ.

***

לייגט דער שערער צונויף זײַן האַנטעך, זײַן שער, זײַן שיסל און זייף און זאָגט צו אברהמען:

„נו, ר׳ אברהם, כ׳האָב אײַך אָרומגעשוירן, אָרומגעגאָלט, באַ־צאָלט מיר״.

אין אברהמען קאָכט און זידט. ווער האָט אים געבעטן, ער זאָל אים שערן און גאָלן? און ער וויל נאָך באַצאָלט פאַר זײַן שיינער אַר־בעט! אַ שיין פּנים האָט ער געקראַגן! אַ ייִד אָן אַ באָרד און אָן פּאות — ווי וועט ער זיך ווײַזן פאַר לײַטן?״

אַזוי טראַכט ר׳ אברהם, אָבער ער שווײַגט. ער וועט דאָך נישט אָנהייבן ריידן דער ערשטער. טענהט דער שערער:

„איך בין אַ ייִד, אַן אָרעמאַן. כ׳האָב געאַרבעט, באַצאָלט מיר!״

דער שערער רעדט און רעדט און אברהם שווײַגט. ווערט שוין דער שערער אין כעס און זאָגט:

„אַזוי? איר זײַט אַן עקשן? איר ווילט נישט ענטפערן? איך וועל אײַך שוין אָנלערנען!״

און דער שערער איז נישט פויל, גייט אַרויס אין גאַס, נעמט אַן פולע הויפנס בלאָטע און שמירט אויס אברהמס אָפּגעגאָלטן קאָפּ און פּנים, איז ער אַרויס פון שטוב און האָט די טיר אפילו נישט צוגעמאַכט.

גייט דער שערער אַרויס פון שטוב און מירטל, אברהמס ווײַב, קומט אַרײַן אין שטוב. זי טוט אַ קוק אויף אברהמען און טוט אַ פּאַטש מיט די הענט:

„וויי איז מיר! ווינד איז מיר! וואָס האָט מען געטאָן צו דיר? דו קוקסט דאָך אויס ווי אַ שד!״

אברהם האָט זיך אויפגעהויבן פון ווינקל און גאַנץ רויִק געזאָגט:

„דו האָסט די ערשטע אָנגעהויבן צו ריידן. גיי זשע און פאַרמאַך די טיר!״

מירטל איז אַוועק און האָט פאַרמאַכט די טיר. אַן אָפּמאַך איז אַן אָפּמאַך!

# דאָס אַלטע דאַרע פּאַרפאָלק

## אַן אינדישע מעשה



מאָל, אַמאָל האָבן, אין דער טיפעניש פון אַפריקע, געלעבט אַן אַלטער דאַרער מאַן און אַן אַלטע דאַרע פרוי. זיי האָבן ליב געהאַט זיך צו באַקלאָגן, אַז זיי זײַנען אָרעם, אַזוי אָרעם, אַז זיי האָבן אַפילו נישט גענוג צום עסן. אָבער די אַרומיקע פּויערים האָבן באַמערקט, אַז ווען דאָס פּאָרל איז אַרײַנגעקומען ערגעץ אין אַ הויז צו באַקלאָגן זיך אויף זייער אָרעמקייט, האָט אַלע מאָל עפּעס געפעלט: אַ לעפל, אַ מעסער אָדער אַ מטבע.

אין איין שיינעם זומער-טאָג האָט געטראָפן, אַז אַ שכן, אַ פּויער, איז קראַנק געוואָרן און האָט זיך אַוועקגעלייגט אין בעט. אונטערן בעט האָט ער געהאַט אַ זעקעלע מיט ים-מושלען, וואָס מען האָט אין יענע צײַטן באַנוצט ווי געלט.

דער טאָג איז געווען אַ הייסער און אַלע שטובֿיקע זײַנען אַוועק אין פעלד. דער קראַנקער איז פון גרוים היץ אײַנגעשלאָפן. אין שלאָף הערט ער, ווי פיס גייען אַרום איבער דער שטוב. ער האָט געעפנט די אויגן און דערזען, ווי דאָס פּאָרל שאַרט זיך אַרויס פון הויז מיט דעם זעקעלע מושלען. ער האָט אָנגעהויבן שרײַען:

„מײַנע מושלען נעמט נישט אַוועק! גיט מיר אָפּ מײַן געלט! מײַנע שווער-פאַרהאָרעוועטע מושלען נעמט נישט אַוועק!"

דאָס פּאָרל איז אַנטלאָפן און דער קראַנקער האָט זיך נאָך העכער צעשריגן:

„גנבים, באַנדיטן, רויבער, מערדער! העלפט, מענטשן, העלפט!“

שכנים האָבן דערהערט און זײַנען געקומען צולויפן זען, וועמען קוילעט מען עס אין מיטן העלן טאָג. דער קראַנקער אָרעמער מאַן האָט דערזען די שכנים, האָט ער זיך צעוויינט:

„ווינד און וויי איז מיר! דאָס דאָרע קוואָרע פּאָרל איז דאָ געווען, האָט אָוועקגעגנבעט מײַן זעקעלע מושלען און איז אַנטלאָפן“.

די שכנים האָבן זיך איבערגעקוקט און געזאָגט צום קראַנקן:

„וויין נישט, שרײַ נישט, מיר וועלן צוריקקריגן דײַן זעקעלע מושלען“.

זיי זײַנען אַוועק צום אַלטן דאַרן פּאַרפּאָלק און האָבן געזאָגט צו מאַן און ווײַב:

„גיט אָפּ דאָס זעקעלע מושלען, וואָס איר האָט געגנבעט בײַם אָרעמען קראַנקן פּויער. אויב נישט, וועלן מיר אײַך שמײַסן מיט בײַטשן געמאַכט פון דער פעל פון ים-פערד, וואָס מען רופט „היפּאָ-פּאָטאַמוס“.

דאָס פּאַרפּאָלק האָט געקוויטשעט און געליאַרעמט, און זיך געשווירן מיט אַלערליי שבועות, אַז זיי ווייסן נישט פון וואָס צו זאָגן.

די פּויערים האָבן נישט געגלייבט דעם פּאַרפּאָלק און האָבן געזאָגט:

„דו אַלטער דאַרער מאַן און דו אַלטע קוואָרע פרוי, גיט בעסער אָפּ דאָס זעקעלע מושלען מיט גוטן. אַז נישט, וועלן מיר קומען צו אײַך מיט אונדזערע בײַטשן געמאַכט פון היפּאָפּאָטאַמוס פעל און איר וועט עסן היפּאָפּאָטאַמוס פעל, ביז איר וועט צוריקגעבן די געגנבעטע מושלען“.

דאָס פּאַרפּאָלק האָט נישט געענטפערט. די פּויערים זײַנען אַוועק אין דאָרף צו ברענגען די בײַטשן. דאָס פּאַרפּאָלק האָט געכאַפּט דאָס זעקעלע מושלען און זיך געלאָזט לויפן אין וואַלד אַרײַן. די שכנים האָבן זיך צוריקגעקערט. זיי האָבן דערזען דעם אַלטן דאַרן מאַן און די אַלטע דאַרע פרוי לויפן מיטן זעקעלע מושלען. זײַנען זיי זיי נאָכ-געלאָפן. דאָס אַלטע פּאַרפּאָלק איז אָבער געווען פלינקער. ביידע האָבן אַרויפגעקלעטערט אויף אַ הויכן בוים און זײַנען געבליבן זיצן אויף אַ צווײַג.

די שכנים האָבן זיך אַרומגעשטעלט אַרום בוים און געזאָגט:

„איר דאַרע, קוואַרע באַשעפעניש, מיר וועלן אײַך נישט לאָזן אַראָפּקריכן פון בוים, ביז איר וועט נישט צוריקגעבן דאָס גענגבעטע זעקעלע מושלען".

דער דאַרער אַלטער מאַן האָט געענטפערט:

„דאָ בלײַבן מיר זיצן, ביז איר וועט הונגעריק ווערן. אַז איר וועט ווערן הונגעריק, וועט איר אַהיים גיין עסן. ווען איר וועט אַהיים גיין, וועלן מיר אַראָפּ פון בוים און אַנטלויפן אין וואַלד אַרײַן. מיר זײַנען עקשנים. מיר קענען אויסהאַלטן".

די שכנים פויערים האָבן אויסגעשריגן:

„אַט דאָ בלײַבן מיר. מיר וועלן אויפשטעלן געצעלטן אונטערן בוים און אײַך היטן. מיר וועלן זיך בײַטן. עטלעכע פון אונדז וועלן גיין עסן און די אַנדערע וועלן היטן. מיר וועלן אײַך פון אויג נישט אַפּלאָזן".

און די פויערים האָבן אַזוי געטאָן.

טעג זײַנען אַריבער, וואָכן זײַנען אַוועק, חדשים זײַנען פאַרבײַגעגאַנגען. דער דאַרער אַלטער מאַן און די דאַרע אַלטע פרוי זײַנען געזעסן אויפן בוים און האָבן געוואַרט, אַז די פויערים זאָלן מיד ווערן און אַוועקגיין. די שכנים איז נישט מיאוס געוואָרן צו זיצן אונטערן בוים און וואַרטן ביז דאָס פּאַרפאַלק זאָל מיד ווערן און אַראָפּקריכן פון בוים.

ענדלעך איז דאָס פּאַרפאַלק הונגעריק געוואָרן. די ערשטע צײַט האָבן זיי געריסן די פרוכטן פון בוים, געגעסן און געוואָרן זאַט. אַז די פרוכטן זײַנען אויסגעגאַנגען, האָט דאָס פּאַרפאַלק געקנאַקט די קערלעך פון די פרוכטן און זיך געשפּײַזט מיט די יאָדרעס. אַז די יאָדרעס האָבן זיך אויסגעלאָזט, האָבן זיי אָנגעהויבן קײַען די זאַפטיקע יונגע בלעטער. אַז די יונגע בלעטער זײַנען אויסגעגאַנגען, האָבן זיי געקײַט די אַלטע בלעטער. אַז עס זײַנען שוין מער קיין בלעטער נישט געבליבן, האָט דער אַלטער דאַרער מאַן און די אַלטע דאַרע פרוי אָנגעהויבן אַראָפּשיילן די קאָרע פון די צווײַגן און פון בוים און געגעסן.

ווי מ׳עסט, אַזאַ פּנים האָט מען. דער מאַן און די פרוי זײַנען געוואָרן נאָך דאַרער ווי זיי זײַנען געווען. זייערע אויגן זײַנען אײַנ־

געזונקען טיפער אין זייערע שטערנס. די אויגן־דעקלעך זײַנען רויט געוואָרן פון נישט שלאָפן און די וויִעס זײַנען אויסגעקראָכן. די ציין זײַנען בײַ זיי אויסגעוואַקסן לענגער פון קנאַקן די קערלעך און עסן די יאַדרעס און פון קײַען די קאָרע פון דעם בוים און צווײַגן.

איין מאָל האָט דער אַלטער מאַן אויסגעשטרעקט זײַן האַנט צו דער אַלטער פרוי און געזאָגט:

„זע נאָר, די הויט פון מײַן אָרעם איז פאַרהאַרטעוועט געוואָרן!"

די אַלטע פרוי האָט אויסגעשטרעקט איר האַנט, אַ קוק געטאָן אויף איר און געזאָגט:

„מײַן אָרעם איז אויך פאַרהאַרטעוועט געוואָרן, אַזוי ווי דײַנער".

זיי האָבן באַקוקט זייערע פיס און דערזען, אַז אויך די הויט פון די פיס איז פאַרהאַרטעוועט און צעקנייטשט. די נעגל אויף די פינגער פון די הענט און פיס זײַנען געוואָרן לאַנג פון שטענדיקן קלאַמערן זיך אין די צווײַגן.

„עפּעס מאָדנע הענט און פיס, מאָדנע פינגער מיט לאַנגע נעגל האָבן מיר געקראָגן" — האָט געזאָגט דער אַלטער דאַרער מאַן.

„יאָ" — האָט געענטפערט די אַלטע דאַרע פרוי — „טאַקע מאָדנע הענט און מאָדנע פיס, מאָדנע פינגער מיט לאַנגע נעגל האָבן מיר געקראָגן".

***

ס'איז אָנגעקומען דער סעזאָן פון גרויסע רעגנס. דאָס פאַרפאָלק איז געווען נאַקעט. זייערע קליידער זײַנען שוין לאַנג געווען צעריסן. מאַן און פרוי האָבן זיך געטרייסלט פון קעלט. ס'האָט זיי געקלאַפּט אַ צאָן אין אַ צאָן.

איין מאָל טוט דער אַלטער דאַרער מאַן אַ קוק אויף זײַן פרוי און שרײַט אויס:

„זע נאָר, ווי דו קוקסט אויס! דו ביסט דאָך באַדעקט מיט האָר פון קאָפּ ביז די פיס!"

„און דו אויך!" — רופט אויס די פרוי איבערראַשט.

אַ פּאָר וואָכן שפּעטער זאָגט דער מאַן צו דער פרוי:

„עפּעס איז מיר מאָדנע. איך פּיל, ווי ס׳קיצלט מיך ביים ענד פון רוקנביין".

„יאָ, איך פּיל עס אויך" — האָט געענטפערט די פרוי — „וואָס קען עס זיין?"

איידער וואָס־ווען, האָבן ביי ביידן אָנגעהויבן וואַקסן פון הינטן עקן.

אין אַפריקע דערציילט מען, אַז דער אַלטער דאַרער מאַן און די אַלטע דאַרע פרוי האָבן דעמאָלט אָנגעהויבן פּלאַפּלען, קוויטשען, פלויִדערן און שרייַען איינער אויף דעם אַנדערן. קיינער האָט נישט פאַר־שטאַנען, וואָס זיי פּלאַפּלען. זיי האָבן מסתּמא באַשולדיקט איינער דעם אַנדערן אין די זאַכן, וואָס האָבן מיט זיי געטראָפן. אַקוראַט ווייסט מען נישט, ווייל זינט דעמאָלט האָט קיינער זיי נישט פאַרשטאַנען. אָבער אַלע האָבן געזען, ווי דאָס פאַרפאַלק האָט אַראָפּגעוואָרפן דאָס זעקעלע מושלען און ביידע, מאַן און פרוי, האָבן אָנגעהויבן שפּרינגען פלינק פון צווייַג אויף צווייַג און פון בוים אויף בוים. אַזוי זיינען זיי אַנטלאָפן פון זייערע שכנים.



פון יענעם טאָג אָן האָבן זיך באַוויזן די בריל־מאַלפּעס אויף דער וועלט. זיי קוקן אויס ווי קליינע איינגעדאַרטע מענטשעלעך. זיי יאָגן זיך פון צווייַג אויף צווייַג, פון בוים אויף בוים. זיי פּלאַפּלען, פלוידערן, קוויטשען און קריגן זיך. אָפט קריכן זיי אַראָפּ פון די ביימער, כאַפּן זיך אַריין אין די וווינונגען פון מענטשן און גנבענען אַוועק אַלץ, וואָס קומט זיי אונטער דער האַנט. אָבער די בריל־מאַלפּעס האָבן קיין מאָל נישט פאַרגעסן, אַז אַמאָל, אַמאָל זיינען זיי געווען מענטשן און האָבן געלעבט אין הייזער און אין דערפער, ווי אַלע מענטשן פון דער וועלט. ביז היינטיקן טאָג בויען זיי זיך אויס שטיבלעך פון צווייַגן און האַלטן אין זיי זייערע קינדער. און ביז היינטיקן טאָג קוקן זיי זיך צו ווי מענטשן פירן זיך אויף און מאַכן זיי נאָך. די בריל־מאַלפּעס זיינען די גרעסטע נאָכמאַכערס אין דער וועלט.

# איין נאַר גרעסער פאַרן אַנדערן

## אַן אירלענדישע מעשה




יינמאָל איז געווען אַ סאָלדאַט. ער האָט געדינט דעם קיסר יאָרן לאַנג. ווען ער האָט שוין מער נישט געטויגט פאַר קיין זעלנער, האָט מען אים באַפרייט פון דער אַרמיי. האָט דער אָרעמער סאָלדאַט זיך אַוועקגעלאָזט וואַנדערן איבער דער וועלט מיט פוסטע קעשענעס און אַ ליידיקן מאָגן. ער איז געגאַנגען איבער פעלדער און וועלדער, איבער שטעט און שטעטלעך, ביז ער איז אָנגעקומען צו אַ פאַרוואָר־פענעם פויערישן שטיבעלע. דער פויער איז אַוועק אויפן יאָריד און זיין ווייב איז געווען אַליין אין שטוב.

דער פויער איז געווען איר צווייטער מאַן. איר ערשטער מאַן איז געווען אַ שוסטער. זי איז געווען באַוווּסט מיט איר נאַרישקייט, אָבער דער פויער איז אויך נישט געווען קיין גרויסער חכם. צי ער איז געווען אַ גרעסערער נאַר איז שווער צו זאָגן. איין זאַך ווייסן מיר: איידער ער איז אַוועק אויפן יאָריד, האָט ער געזאָגט צו זיין ווייב:

„אָט זיינען צען גילדענע רענדלעך. באַהאַלט זיי, ביז איך וועל קומען פון יאָריד".

דער פויער איז אַוועקגעפאָרן. די פויערטע האָט איינגעוויקלט די רענדלעך אין אַ שטיקל שמאַטע און האָט באַהאַלטן דאָס קניפל אין קוימען.

***

דער אַלטער, אויסגעדינטער סאָלדאַט האָט דערזען פון דערווײַטנס דאָס שטיבל, איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר און האָט אָנגעקלאַפּט. די פּויערטע האָט אויסגעשריגן:

„ווער קלאַפּט דאָרט?"

„אַן אַלטער, אויסגעדינטער סאָלדאַט".

„פון וואַנען קומסטו?"

טוט דער סאָלדאַט אַ זיפץ:

„פון גן־עדן".

די פּויערטע האָט האַסטיק געעפנט די טיר, אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און האָט אויסגערופן מיט פרייד:

„פון גן־עדן קומסטו? אפשר האָסטו דאָרט געזען מײַן ערשטן מאַן?"

„ווי רופט מען אים?"

„מײַקל, מײַקל דער שוסטער, פון דאָרף מעקווילען" — זאָגט די פּויערטע.

„אוודאי האָב איך אים געזען" — ענטפערט דער סאָלדאַט — „איך קען אים זייער גוט. ער איז מײַנער זייער אַ נאָענטער חבר".

„נו, איז וואָס מאַכט ער?"

„אָט אַזוי, נישקשהדיק. ער לאַטעט שיך און עסט דרײַ מאָל אַ טאָג ברויט, פּוסטן ברויט".

„וויי איז מיר! דרײַ מאָל אַ טאָג פּוסטן ברויט? אפשר האָט ער דיר עפּעס אָנגעזאָגט פאַר מיר?"

„יאָ".

„וואָס?"

„וואָס?" — קראַצט זיך דער סאָלדאַט די פּאַטיליצע — „יאָ, כ'האָב זיך דערמאָנט. ער האָט געזאָגט, אַז ווען ער וואָלט געהאַט אַ פּאָר גילדענע רענדלעך, וואָלט ער געהאַט מיט וואָס צו קויפן לעדער און פּאָדעשוועס. פון דעם נײַעם לעדער וואָלט ער איינעם פון די אָבות, למשל אברהמען, אויפגענייט אַ פּאָר נײַע שטיוול, וואָלט אים בעסער

געוואָרן אין גן־עדן. אַ שוסטער, וואָס נייט שטיוול פאַר די אָבות, גיט מען דרײַ מאָל אַ וואָך אַ קרופּניק און פלייש מיט בעבלעך".

„זאָל ער זיך נישט זאָרגן" — האָט די פרוי געענטפערט — „ער וועט שוין עסן דרײַ מאָל אַ וואָך פלייש מיט בעבלעך".

זי איז צוגעגאַנגען צום קוימען, ווו זי האָט באַהאַלטן די גילדענע רענדלעך, האָט אַרויסגענומען דאָס קניפּל, אַוועקגעגעבן דאָס גאַנצע געלט דעם אויסגעדינטן סאָלדאַט און געזאָגט:

„נאַ, גיב עס אָפּ מײַן געשטאָרבענעם מאַן. זאָל ער אויסגעבן אויף לעדער וויפל ער דאַרף און מיר אָפּשיקן דאָס איבעריקע".

דער אויסגעדינטער סאָלדאַט האָט צוגענומען די צען גילדענע רענדלעך און האָט באַלד געשטעלט פּיס.

**
*

מיט אַ שעה שפּעטער איז דער פּויער צוריקגעקומען פון יאַריד. זײַן ווײַב האָט אים דערציילט, ווי אַן אויסגעדינטער סאָלדאַט האָט איר געבראַכט אַ גרוס פון איר געשטאָרבענעם מאַן. דער אָרעמער יונג לאַטעט נעבעך שיך אין גן־עדן און פאַרדינט ווייניק. ער מוז נעבעך עסן דרײַ מאָל אַ טאָג פּוסטן ברויט, ווײַל ער האָט נישט קיין געלט צו קויפן לעדער און אויפנייען אַ פּאָר שטיוול איינעם פון די אָבות, למשל אברהם אָבינו. האָט זי אַוועקגעשיקט איר ערשטן מאַן אין גן־עדן די צען גילדענע רענדלעך.

דער פּויער האָט זיך צעשריגן:

„נאַר! גלאָמפּ! גולם! פלאָקן! טויטע עסן נישט, און קיין לעבעדיקער מענטש איז נאָך קיין מאָל נישט געקומען פון גן־עדן. די אָבות טראָגן נישט קיין שטיוול. זיי גייען אין סאַנדאַלן, ווי מען זעט עס אויף די הייליקע בילדער".

דער פּויער האָט געוואָלט וויסן, וווּהין דער אויסגעדינטער סאָלדאַט האָט זיך פאַרנומען — רעכטס אָדער לינקס. ער וועט אים כאַפּן, קלאַפּן און צוריקנעמען דאָס אויסגענאַרטע געלט.

די פּויערטע האָט אים אָנגעוויזן אין וואָס פאַר אַ וועג דער סאָלדאַט האָט זיך געלאָזט גיין. דער פּויער האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ פערד און זיך געלאָזט יאָגן נאָכן סאָלדאַט.

**
*

דער סאָלדאַט האָט דערהערט דאָס קלאַפּן פון פערדישע קאָפּיטעס, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז דער פויער יאָגט זיך נאָך אים. האָט ער זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז, פאַרדעכלט די אויגן מיט דער רעכטער האַנט און האָט אַרויפגעקוקט צום הימל.

דער פויער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן סאָלדאַט, אַ קוק געטאָן אויפן אים און אַ פרעג געטאָן:

„וואָס קוקסטו אויפן הימל?"

„אַ מאָדנע זאַך זע איך".

„וואָס זעסטו דאָרט אַזוינס?"

„קוק נאָר אָן, ס'גייט זיך אַ מענטש גלייך אויפן הימל אַרויף, אַ טאָרבע אויף די פּלייצעס, אַ שטעקן אין דער האַנט. ער גייט גלייך, רויִק, פּאַמעלעך, אַרויף, אַרויף צום הימל; ער שפּאַצירט, גלייך ווי ער וואָלט געגאַנגען אויף אַן אויסגעטראָטענעם וועג".

„איז ער שוין אַרויף אויפן הימל?" — פרעגט דער פויער.

„נאָך נישט".

„איז פאַרוואָס זע איך אים נישט?"

„קריך אַראָפּ פון פערד, לייג זיך אַוועק אויפן גראָז און קוק אַרויף, ווי איך, וועסטו אים זען" — האָט דער סאָלדאַט געענטפערט.

„אַז דו וועסט צוהאַלטן מיין פערד, וועל איך אַראָפּקריכן" — האָט געזאָגט דער פויער.

„גוט, איך וועל צוהאַלטן דיין פערד".

דער פויער איז אַראָפּגעקראָכן פון פערד און האָט זיך אויסגעצויגן אויפן גראָז. דער סאָלדאַט האָט זיך שנעל אַרויפגעכאַפּט אויפן פערד און האָט אויסגעשריגן:

„גיב איבער אַ גרוס דיין קלוגער ווייב!"

ער האָט אַ טרייב געטאָן דאָס פערד און איז אַוועק. דער פויער איז אַהיים געקומען צופוס, אָן אַ פערד, אָן רענדלעך. ער האָט זיך נישט געבייזערט אויף זיין ווייב. ווי נאַריש ער איז געווען, האָט ער פאַרשטאַנען, אַז ער איז נישט קליגער פון איר.

# די שטאָלצע פּרינצעסין

## אַן אירלענדישע מעשה



מאָל, אַמאָל איז געווען זייער אַ מעכטיקער קעניג; דער קעניג האָט געהאַט אַ טאָכטער, אַן איין־און־איינציקע טאָכטער מיטן נאָמען שטערינאַ. שטע־רינאַ איז געווען שיין, ווי דער טאָג און קלוג, ווי שלמה המלך. אָבער די שיינע, קלוגע פּרינצעסין האָט געהאַט אַ חיסרון: זי איז געווען אַ גרויסע עקשנטע.

ווען דאָס מיידל איז אַלט געוואָרן אַכצן יאָר, זײַנען געקומען פּרינצן פון דער וועלט זי אָנצוקוקן. ווי נאָר אַ פּרינץ האָט אויף איר אַ קוק געטאָן, האָט ער זי געוואָלט נעמען פאַר אַ כלה, אַזוי שיין איז זי געווען. זי האָט אָבער אויף יעדן איינעם געפונען עפּעס אַ חיסרון.

דער קעניג האָט זייער שטאַרק געוואָלט, אַז זײַן טאָכטער זאָל חתונה האָבן. האָט ער אײַנגעלאַדן צו זיך אין פּאַלאַץ אַלע באַקאַנטע קעניגן, פּרינצן, גראַפן און לאָרדן. זאָל שטערינאַ האָבן פון וואָס אויס־צוקלײַבן. זײַנען זיי אַלע געקומען און אין דער פרי האָט דער קעניג זיי אויסגעשטעלט אין אַ לאַנגער רײַ אין הויף פון פּאַלאַץ. די שיינע שטערינאַ איז זיי אַלעמען פאַרבײַגעגאַנגען מיט אַ פאַרריסענעם קאָפּ און האָט קיינעם נישט אויסגעקליבן. זי האָט באַקוקט דעם ערשטן בחור און האָט פאַרקנייטשט איר שיין נעזל:

„ער איז צו פעט. פע! זי וויל נישט חתונה האָבן מיט אַ צוקער־פאַס".

דער צווייטער איז איר אויך נישט געפעלן געוואָרן. ער איז צו דאַר. זי וויל נישט חתונה האָבן מיט קיין דינעם שטעקן.

זי האָט אַ קוק געטאָן אויפן דריטן און אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

„קוק אים נאָר אָן! אַ ווײַס פּנים! איך וויל נישט חתונה האָבן מיט אַזאַ אָפּגעקאָכטער צורה".

דער פערטער האָט געהאַט רויטע האָר. האָט זי אַ דריי געטאָן מיט איר קעפּל:

„איך וויל נישט חתונה האָבן מיט אַ רויטן בורעק".

אויף יעדן איינעם האָט זי געפונען אַן אַנדער חסרון. ווען זי איז צוגעקומען צום לעצטן בחור אין דער ריי, האָט זי זיך אָפּגעשטעלט. זי האָט אים באַטראַכט: אַ פײַנער בחור, הויך, שיין, אַ טונקל-קלאָר פּנים, בלויע אויגן, האָר שוואַרץ ווי פּעך, אַ בחור אַן אַ שפּרינקעלע, און דערצו נאָך אַ קעניג. אָבער די שטאָלצע פֿאַרריסענע פּרינצעסין האָט אַ קרים געטאָן איר שיין נעזל:

„פּע! זע נאָר, ער טראָגט גאָר אַ באָרד!"

זי האָט אַרײַנגעשריגן דעם בחור אין פּנים אַרײַן:

„איך וויל נישט קיין באָבערדלטן מאַן! הערסט, בערדעלע קעניג?"

דער יונגער קעניג האָט נישט געענטפערט און שטערינאַ מיט איר פֿאָטער זײַנען אוועק צוריק אין פּאַלאַץ אַרײַן.

**
*

ווען שטערינאַ און איר פֿאָטער זײַנען געבליבן אַליין, האָט דער קעניג געפֿרעגט זײַן טאָכטער:

„פֿאַרוואָס האָסטו נישט אויסגעקליבן דעם לעצטן בחור? ער איז יונג און שיין, און איז אַ מעכטיקער קעניג. פֿאַרוואָס ווילסטו אים נישט?"

„ווײַל איך וויל נישט".

„פֿאַרוואָס?"

„ווײַל ער האָט אַ באָרד".

„נו איז וואָס? אָט טראָג איך אויך אַ באָרד".

„אָבער איך וויל אים נישט, איך וויל אים נישט אָן אַ פֿאַרוואָס!"

„ביסטו דאָך אַן עקשנטע, מײַן טאָכטער. וועל איך דיך אָנלערנען און ברעכן דײַן עקשנות. גלײַך מאָרגן מאַך איך דיר חתונה מיט דעם ערשטן זינגענדיקן בעטלער, וואָס וועט זיך ווײַזן אין פּאַלאַץ".

די פּרינצעסין האָט זיך נישט דערשראָקן פֿאַר איר פֿאָטערס רייד. קיין מאָל האָט זיך נאָך קיין בעטלער נישט געוויזן אין פּאַלאַץ. אָבער מאָדנע! באַלד אויף מאָרגן גאַנץ פֿרי האָט זיך אין הויף פֿון פּאַלאַץ



באַוויזן אַן אָפּגעריסענער בעטלער. ער איז געווען באַוואַקסן מיט אַ באָרד און האָט געהאַט אַ קאָפּ שוואַרצע האָר, וואָס האָבן געגרייכט ביז די אַקסלען. דער בעטלער האָט זיך אַוועקגעשטעלט אונטער שטע־רינאַס פֿענצטער און האָט זיך צעזונגען אויף אַ הויכן שיינעם קול. זיין געזאַנג האָט פֿאַרכאַפּט בײַם האַרצן.

דער קעניג איז אַרויס אין הויף און האָט פֿאַרבעטן דעם בעטלער

אין פּאַלאַץ. און טאַקע באַלד האָט מען געפּראַוועט די חתונה. די פּרינ־צעסין האָט געשריגן, געליאַרעמט, געפּילדערט און געוויינט. ס'האָט איר נישט געהאָלפן. דער קעניג האָט איר חתונה געמאַכט מיט דעם אָפּגעריסענעם באַבערדלטן בעטלער.

נאָך דער חתונה־צערעמאָניע האָט דער קעניג דערלאַנגט דעם בעטלער פינף גאָלדענע רענדלעך און געזאָגט צו אים:

„נעם דיר דײַן פאַרעקשנט ווײַב און גיי דיר. איך וויל זי מער נישט אָנקוקן. אַרויס, איר ביידע, פון מײַן הויז!"

***

דער בעטלער איז געגאַנגען מיט זײַן ווײַב, דער פּרינצעסין, דרײַ טעג און דרײַ נעכט. דערנאָך איז ער ווײַטער געגאַנגען דרײַ טעג און דרײַ נעכט. נאָך די זעקס טעג און זעקס נעכט איז ער מיט איר גע־גאַנגען נאָך זיבן טעג און זיבן נעכט, ביז זיי זײַנען צוגעקומען צו אַ גרויסן געדיכטן וואַלד. פרעגט די פּרינצעסין:

„וועמענס וואַלד איז דאָס?"

„געדענקסטו דעם קעניג, וואָס איז געשטאַנען דער לעצטער אין דער רײַ, דעם קעניג, וואָס דו האָסט גערופן «בערדעלע קעניג»?"

„יאָ" — ענטפערט שטערינאַ.

זאָגט דער בעטלער:

„דאָס איז זײַן וואַלד. מיר זײַנען אין זײַן מדינה. נאָך דעם וואַלד איז אַ גרויסע שטאָט. דאָס איז זײַן רעזידענץ־שטאָט, די הויפּטשטאָט פון זײַן קעניגרײַך. דאָרט שטייט אַ שיינער פּאַלאַץ מיט הונדערטער באַדינער. דאָס איז זײַן פּאַלאַץ. דאָרט וווינט ער".

טוט שטערינאַ אַ זיפץ. אָבער מאָדנע, ס'פאַרדריסט איר נישט, וואָס זי האָט נישט חתונה געהאַט מיט דעם קעניג. עפּעס איז איר דער בעטלער מיט דער שיינער שטים איר אײַנגעבאַקן אין האַרצן. איר אַרט נישט אפילו, וואָס ער האָט אַ באָרד.

זיי זײַנען געגאַנגען אַלץ טיפער און טיפער אין וואַלד, ביז זיי זײַנען צוגעקומען צו אַ קליין שטיבעלע.

„דאָס איז מײַן היים" — האָט געזאָגט דער בעטלער — „איצט איז עס אויך דײַן היים".

זיי זײַנען אַרײַן אין שטיבל. די פּרינצעסין האָט באַקוקט די אָרע־מע הייזקע. ווי איז איר! הוילע ווענט, נישטאָ קיין בעט, קיין באַנק, קיין שטול. עס ליגן ברעטער אויף צוויי ליידיקע פּעסלעך — דאָס איז דער טיש. צוויי איבערגעקערטע קעסטלעך — דאָס זײַנען די שטולן. אַ זאַק אָנגעשטאָפּט מיט שטרוי אויפן דיל — דאָס בעט! אַ קאַלטער אויוון און צוויי ליידיקע פּאָליצעס.

דער בעטלער האָט אויסגעטאָן זײַן צעריסענעם מאַנטל און גע־זאָגט צו דער פּרינצעסין שטערינאַ:

„איצט, טו אויס דײַנע קעניגלעכע קליידער. נאָ, אָט איז אַ קליידל, אַ קאָפּטיכל און אַ פּאָר פּויערישע שיך. נעם, טו זיך איבער און גרייט צו אַ מאָלצײַט".

די פּרינצעסין האָט זיך איבערגעטאָן און געפּרוּווט אָפּקאָכן וועטשערע. אָבער זי האָט אַפילו נישט געקענט אויפבלאָזן אַ פײַער. האָט דער בעטלער אַליין אָפּגעקאָכט וועטשערע. ער האָט אויפגעזאָטן וואַסער, אַרויסגענומען פון זײַן בעטלער־זאַק גרויפּן, קאַרטאָפל און אַ שטיקל קעז און האָט געמאַכט אַ גאַנץ פײַן געקעכץ. ער האָט צעשניטן דאָס האַרטע ברויט און אַרויפגעלייגט אויפן טיש. ער איז אַרויס אין דרויסן און פון ערגעץ געבראַכט פרישע מילך.

נאָך דעם מאָלצײַט טוט דער בעטלער אַ זיפץ:

„אײַ, טײַערע שטערינאַ, דו ביסט שיין, דו ביסט קלוג, אָבער אָפּקאָכן אַ וועטשערע קענסטו נישט. מיר וועלן מאָרגן זען, אפשר קענסטו טאָן עפּעס אַן אַנדערע אַרבעט. איצט לאָמיך פאַר דיר זינגען ליבע־לידער.

***

אויף מאָרגן איז דער בעטלער אַוועק אין וואַלד און געקומען צו־ריק מיט פולע אָרעמס דינע ריטלעך און האָט זיך אָנגערופן צו דער פּרינצעסין:

„זיצן ליידיק איז נישט קיין פּלאַן פאַר אַ געזונטן מענטשן. נאָ, נעם און פלעכט אויס קוישן פון די ריטלעך".

שטערינאַ האָט זיך אַוועקגעזעצט פלעכטן, אָבער די ריטלעך האָבן צעשטאָכן אירע צאַרטע הענט און זי האָט זיך צעוויינט.

דער בעטלער האָט איר אַ גלעט געטאָן איבערן קאָפּ און געזאָגט מיט ליבשאַפט:

„נו, מילא, וויין נישט. נאַ, נעם און פאַרריכט מײַנע צעריסענע הויזן און פאַרצירעווע מײַנע זאָקן".

די פּרינצעסין האָט געוואָלט צופרידנשטעלן איר מאַן און האָט זיך גענומען פאַרריכטן זײַנע צעריסענע הויזן. אָבער די שאַרפע נאָדל האָט צעשטאָכן אירע איידעלע פינגער און זיי האָבן אָנגעהויבן בלוטן. זי האָט זיך ווידער צעוויינט.

טוט דער מאַן איר ווידער אַ גלעט איבערן קאָפּ און זאָגט מיט ליבשאַפט:

„נו, מילא, וויין נישט. לייג אַוועק מײַנע צעריסענע הויזן. מאָרגן וועל איך דיר געבן אַ קוישל מיט ליימענע געפעס און דו וועסט עס אַוועקטראָגן אין שטאָט צו פאַרקויפן".

אויף מאָרגן האָט זי אַוועקגעטראָגן אַ קויש מיט ליימענע געפעס אין שטאָט צו פאַרקויפן. זי האָט נישט געוווּסט, ווי אַזוי מען פאַרקויפט סחורה, אָבער זי איז געווען אַזוי שיין און האָט אויסגעקוקט אַזוי טרויעריק און שטאָלץ, אַז יעדער איינער האָט זיך אָפּגעשטעלט לעבן איר קויש מיט דעם ליימענעם געפעס און געקוקט אויף דער פאַרקויפערין. יעדער איינער האָט פאַר רחמנות געקויפט אַ טאָפּ, אַ קריגל, אַ טעצל, אַ טעלער אָדער אַ שיסל, און האָט באַצאָלט וויפל שטרינגאַ האָט געבעטן.

אין אָוונט איז זי צוריקגעקומען אַ פריילעכע. זי האָט פאַרקויפט די גאַנצע סחורה. דער מאַן האָט זיך געפרייט מיט איר. אויף מאָרגן האָט ער איר געגעבן אַ גרעסערן קויש מיט ליימענע געפעס און זי האָט זיך אַ האָפערדיקע אַוועקגעלאָזט אין שטאָט אַרײַן. אָבער דאָס מאָל האָט זי נישט געהאַט קיין מזל. ווי זי איז געשטאַנען אין מאַרק מיט די ליימענע טעפלעך, קריגלעך, טעלער און שיסלען, איז אָנגעלאָפן אַ שיכורער יעגער אויף אַ פערד, איז אַרויף גלײַך אויף איר געפעס און האָט אַלץ צעבראָכן. קיין איין גאַנצע כלי איז נישט געבליבן.

זי איז אַהיים געקומען צו איר מאַן מיט אַ געוויין און אַ יאָמער און האָט אים דערציילט אַלץ, וואָס מיט איר האָט געטראָפן.

דער מאַן האָט זי געגלעט און געזאָגט מיט ליבשאַפט:

„נו, מילא, וויין נישט. פארפאלן. קאנסטו נישט זײַן קיין פארקוי־פערין. דו ביסט שיין און קלוג, אבער איך זע, אז דו קאנסט קיין ניצ־לעכע ארבעט נישט טאן. מארגן וועל איך גיין צום קעניג אין פאלאץ אריין. דער קוכער איז מײַנער אן אלטער חבר. אפשר וועט ער זיך אננעמען צו דינען אין קיך. דו וועסט מיר קענען ברענגען יעדן אוונט עפעס פון די געשמאקע מאכלים, וואס מען קאכט פארן קעניג".

זי האט געשוויגן און נישט געענטפערט. זי האט שטיל געוויינט אין זיך. נישט לאנג צוריק איז זי געווען א פרינצעסין און איצט דארף זי ווערן א דינסטמיידל. אבער מאדנע, ס'האט איר נישט פארדראסן, וואס זי האט נישט חתונה געהאט מיטן קעניג. עפעס איז דער בעטלער איר געווארן זייער ליב. ער גלעט אזוי צארט אירע האר און זינגט אזוי שיין אין אוונט נאכן עסן.

*
* *

זי איז אנגעקומען דינען צום קעניג אין קיך. דער קוכער איז מיט איר געווען צופרידן. ער האט זיך קיין סך מיט איר נישט געשאפט. ער פלעגט זי אוועקזעצן לעבן דער קיך־טיר און זאגן:

„טו אן א ווײַסן פארטעך און א ווײַס טיכל אויפן קאפ און טו עפעס. ס'ווערט ליכטיק אין קיך, אז דו ביסט דא".

יעדן אוונט פלעגט זי גיין אהיים צו איר מאן אין דעם ארעמען שטיבל. דער קוכער פלעגט איר מיטגעבן א שטיקל געשמאק פלייש, אײַנגעוויקלט אין א סערוועטקע, א שטיקל ווײַס ברויט, א קוכן, אלץ פאר איר מאן. דער מאן האט עס אבער אליין נישט געגעסן. ער האט זיך געטיילט מיט שטערינאן און זי האט געקײַט, געלאכט און איז געווען גליקלעך. נאכן עסן פלעגט דער מאן זינגען פאר איר און זי איז געווען נאך גליקלעכער.

אזוי זײַנען אוועק וואכן, חדשים. איין מאל אין א שיינעם זומער־פרימארגן איז זי געקומען צום קוכער און האט דערזען, אז אלע זײַנען פארנומען, ווי אלע מאל און דער קוכער האט איר געזאגט:

„אײַל זיך, יאג זיך, מיר האבן א סך ארבעט! דער קעניג גרייט זיך חתונה צו האבן".

„מיט וועמען האָט ער חתונה?" — האָט שטערינאַ געפרעגט.

„עפּעס מאָדנע, קיינער ווייסט נישט מיט וועמען. קיינער ווייסט נישט ווער די גליקלעכע כלה איז. אָבער וואָס פּלאַפּל איך אַזוי לאַנג? אַרבעט איז דאָ איבערן קאָפּ און די צייט איז קורץ. די חתונה איז אין דריי טעג אַרום".

***

אויפן דריטן טאָג, פאַר דער חתונה, האָט דער קוכער געזאָגט צו שטערינאַן:

„נאַ, נעם דיר אַ פיין געבראָטן הינדל. כ'האָב עס איינגעוויקלט אין אַ פיינער סערוועטקע. כ'האָב אויך איינגעפּאַקט ווייס ברויט, קוכן און אַנדערע נאַשערייען. נעם עס פאַר דיין מאַן. אָבער דו האָסט גע־אַרבעט שווער. מעגסט אויך אַ קוק טאָן אויף דעם שיינעם זאַל, וווּ מען וועט פּראַווען די חתונה. קום!"

זיי זיינען ביידע צוגעגאַנגען אויף די שפּיץ פינגער צום זאַל און שטערינאַ האָט זיך איינגעבויגן אַ קוק צו טאָן דורך דעם שליסל־לאָך אויף דעם זאַל.

אַזוי ווי זי איז געשטאַנען איינגעבויגן און געקוקט, האָט זיך די טיר פּלוצעם אָן עפּן געטאָן אַזוי שנעל, אַז זי איז שיר נישט אומגעפאַלן.

שטערינאַ האָט זיך פאַרשעמט, וואָס זי האָט געקוקט דורכן שליסל־לאָך. זי האָט זיך אָבער געשטאַרקט, זיך אויפגעשטעלט און אַ קוק געטאָן, ווער ס'האָט אויפגעעפנט די טיר. ערשט... בערדעלע קעניג שטייט אין טיר, יענער שיינער קעניג, וואָס איז געשטאַנען דער לעצ־טער אין דער ריי ביי איר טאַטן אין הויף פון פּאַלאַץ.

און דער קעניג האָט געזאָגט מיט אַ לאַכנדיק פּנים:

„אַזוי, קוכער מיינער, דו קוקסט גאָר דורך אַ שליסל־לאָך! פע, ס'איז מיאוס! דערפאַר קומט אַ שטראָף. אָבער מיר געפעלט דיין קיך־מיידל און זי מוז, ווי אַ שטראָף, טאַנצן מיט מיר אַ וואַלץ".

ער האָט באַלד אַ כאַפּ געטאָן דאָס דערשראָקענע מיידל און האָט זיך אַוועקגעלאָזט מיט איר טאַנצן. ווי ער האָט זיך מיט איר נאָר אַ דריי געטאָן, איז דאָס געבראָטענע הינדל, וואָס דער קוכער האָט איר

געגעבן אײַנגעװיקלט אין אַ סערװעטקע, אַ פּלי געטאָן פֿון איר קעשענע — גלײַך אויפֿן דיל.

שטערינאַ האָט זיך שטאַרק פֿאַרשעמט און מיט אַ געװײן זיך אַ ריס געטאָן פֿון דעם קעניגס אָרעמס. אָבער ער האָט זי נישט אָפּגע־לאָזט. ער האָט אויסגעװישט אירע טרערן, געגלעט אירע האָר און גערעדט מיט ליבשאַפֿט:

„װײן נישט, װאָס דאָס געבראָטן הינדעלע איז אַרויסגעפֿאַלן פֿון דײַן קעשענע. שאַ, װײן נישט".

שטערינאַן האָט פֿאַרכאַפּט דער אָטעם. עפּעס אַ באַקאַנט קול, עפּעס באַקאַנטע אויגן...

דער קעניג האָט זיך צעלאַכט:

„אַ, שטערינאַ, האָסט מיך נישט דערקענט? איך בין דאָך דײַן מאַן, דער זינגענדיקער בעטלער. יאָ, איך בין אויך געװען דער שיכור־רער יעגער, װאָס האָט צעבראָכן דײַנע לײמענע טעפּ און איך בין אויך בערדעלע קעניג — דערקענסט מיך?"

„יאָ" — האָט שטערינאַ געשאָקלט מיטן קאָפּ — „איך דערקען דיך".

„דײַן טאַטע קען מיך גוט" — האָט דער קעניג װײַטער גערעדט — 'ער האָט געװאָלט, אַז מיר זאָלן חתונה האָבן, אָבער אַז ער האָט געזען, אַז דו ביסט פֿאַרעקשנט, האָט ער מיך אָנגערעדט, אַז איך זאָל דיך אָפּנאַרן. נו, האָסטו זיך פֿאַרליבט אין אַן אָפּגעריסענעם זינגענדיקן בעטלער. ביסטו צופֿרידן?"

„יאָ" — האָט שטערינאַ געשאָקלט מיטן קאָפּ.

„איז דאָך גוט!" — האָט דער קעניג אויסגערופֿן — קלעזמער, שפּילט אַ פֿריילעכס! איך פּראַװע אַ חתונה מיט פּרינצעסין שטערינאַ, אַ חתונה, װי עס פּאַסט פֿאַר אַ קעניג!"

די קלעזמער האָבן געשפּילט. די געסט האָבן אַרײַנגעשטראָמט. צװישן די געסט זײַנען געװען שטערינאַס טאַטע־מאַמע, דער מלך און די מלכּה. ס'איז געװען אַ חתונה, װאָס די װעלט האָט נאָך אַזױנס נישט געזען.

# דער קלינגסטער פון אַלע נאַראָנים

## אַן אינדישע כעלעם־מעשה



ין דער ווײַטער אינדיע איז פאַראַן אַ דערפל מיטן נאָמען האַזשראַ. דאָס דערפל איז באַרימט אין גאַנץ אינדיע, ווי דאָס דערפל פון נאַראָנים. אַט די נאַראָנים האָבן געהאַט אַ „לאַמבאַרדער" — אַ פירער. דער לאַמבאַרדער איז געווען דער קלינגסטער פון אַלע אײַנוווינער פון האַזשראַ און זיי פלעגן קומען צו אים, ווען זיי האָבן געדאַרפט עפעס אַן עצה.

איין מאָל אין אַ האַרבסט איז בײַ אַ פויער אין הויף געשטאַנען אַ „טשאַטע", אַ ליימענער קרוג, האַלב אָנגעפילט מיט אויסגעדראָשענעם ווייץ. דער גרויסער באָק, וואָס האָט אַלע מאָל געפירט די סטאַדע שעפסן אין פעלד, האָט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפ אין קרוג און האָט זיך צוגעכאַפט צו דער תבואה. ווען ער האָט זיך אָנגעגעסן, האָט ער נישט געקאָנט אַרויסנעמען דעם קאָפ פון קרוג. דער פאַרמער און זײַן פאַמיליע און געדונגענע אַרבעטער זײַנען געשטאַנען צעטומלט:

„וואָס טוט מען איצט? ווי נעמט מען אַרויס דעם באָק פון קרוג?"

זאָגט איינער פון די אַרבעטער:

„זאָל דער באַלעבאָס גיין פרעגן דעם לאַמבאַרדער. ער וועט וויסן, וואָס צו טאָן".

איז דער פאַרמער אַוועק צום לאַמבאַרדער און האָט געזאָגט:

„קום און ראַטעווע מײַן באָק. ער האָט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפ אין אַ טשאַטע, אַ גרויסן קרוג, און קען אים נישט אַרויסנעמען".

ענטפערט דער לאַמבאַרדער:

„איך וועל אַריבערגיין און אָנקוקן דעם באַק און דעם קרוג. אַזאַ זאַך דאַרף מען זען מיט די אייגענע אויגן".

גערעדט און געטאָן. ער האָט זיך אָנגעטאָן אין זײַנע יום־טובֿ־דיקע קליידער, זיך אַרויפגעזעצט אויף אַ קעמל און אַוועקגעריטן צום פּאַרמער.

זעען די דאָרפסלײַט, אַז דער לאַמבאַרדער פּאָרט צו אַ פּאַרמער אין הויף, גייען זיי אים נאָך צו זען, וואָס ער וועט טאָן.

קומט אָן דער קליגסטער פון אַלע חכמים אין פּאַרמערס הויף. דער טויער איז אַ נידעריקער און דער לאַמבאַרדער זיצט אויפן הויכן קעמל און קען נישט דורכגיין דורכן טויער. פאַרשטייט זיך, אַז נישט דעם לאַמבאַרדער און קיינעם פון די פויערים איז נישט אײַנגעפאַלן צו לאָזן דעם קעמל אויסערן טויער. האָט דער לאַמבאַרדער אַ קאָמאַנדעווע געטאָן:

„איר זעט דאָך, אַז דער טויער איז צו נידעריק. וואַרפט אים אום!"

האָט מען אַזוי געטאָן. דער לאַמבאַרדער איז אַרײַן אין הויף, איז אַראָפּ פון קעמל, האָט באַטראַכט, ווי דער באַק האַלט דעם קאָפּ אין דער טשאַטשע און האָט אויסגערופן:

„דערלאַנגט מיר אַ שווערד! אַ שווערד דערלאַנגט מיר!"

האָט מען אים געגעבן אַ שווערד. דער לאַמבאַרדער האָט גענומען די שווערד אין זײַן רעכטער האַנט, זי אויפגעהויבן און מיט איין קלאַפּ אָפּגעהאַקט דעם באַקס קאָפּ. ער האָט אויסגערופן:

„נאָט, אָט איז אײַער באַק און אָט איז אײַער טשאַטשע. נעמט זיי אַוועק און טוט מיט זיי, וואָס איר ווילט".

„אָט דאָס איז אַ חכמה, אָט דאָס איז קלוגשאַפט! איינס און צוויי, און אויס! דער באַק איז אויף איין זײַט און דער קרוג איז אויף דער אַנדערער זײַט!" —

אָבער איינער פון די פּאַרמערס, וואָס איז געווען אַ טראָפּעלע קליגער פון די אַנדערע, האָט געזאָגט:

„אמת, האָסט אַוועקגענומען דעם באַק פון קרוג, אָבער דעם באַקס קאָפּ איז דאָך נאָך אַלץ אין קרוג. וואָס טוט מען איצט?"

„דו ווייסט טאַקע נישט, וואָס צו טאָן" — ענטפערט דער לאַמבאַרדער — „אָבער בײַ מיר איז עס אַ קלייניקייט. נאַ, זע!"

און לאַנג נישט געטראַכט, האָט ער אויפגעהויבן אַ גרויסן שטיין און צעבראָכן דעם קרוג אויף פּיץ-פּיצלעך. די פּויערים זײַנען געבליבן שטיין געפּלעפּט:

„אָט איז חכמה! אָט איז קלוגשאַפט! איינס און צוויי, און דעם באָקם קאָפּ איז נישט אין קרוג".

דער לאַמבאַרדער האָט שוין מער נישט געהאַט וואָס צו טאָן. ער האָט זיך אַרומגעוויקלט מיט זײַן אויבער-מאַנטל און האָט זיך געוואָלט אַרויפזעצן אויף זײַן קעמל, אָבער דער פּויער, דער באַלעבאָס, האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין פּאַטילניצע און געזאָגט:

„קלוגער לאַמבאַרדער, מײַן טויער האָסטו אומגעוואָרפן; מײַן בעסטן באָק האָסטו דערהרגעט; מײַן גרויסן ליימענעם קרוג האָסטו צעבראָכן; דער ווייץ, וואָס איז געווען אין דער טשאַטע, איז צעשאָטן איבערן גאַנצן הויף און איז אויסגעמישט מיט זאַמד, וואָס האָב איך געהאַט פון דײַן קלוגשאַפט?"

האָט דער לאַמבאַרדער געענטפערט:

„פריִער, ווען דער באָק האָט אַרײַנגעשטעקט דעם קאָפּ אין דער טשאַטע, ווו ס'איז געווען פײַנער ווייץ און ווען דער טויער איז געווען צו נידעריק פאַר מײַן קעמל דורכצוגיין, ביסטו געווען צעטומלט און האָסט נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. ווייסטו כאָטש, וואָס צו טאָן איצט? הער!"

דער פּאַרמער האָט געשטעלט מויל און אויערן.

„שטעל אויף דעם ט[illegible]ער, קויף אַן אַנדער ליימענעם קרוג, קויף אויך אַן אַנדערן באָק און דעם ווייץ? נעם און זיפּ איבער דאָס זאַמד פון הויף, וועסטו האָבן דײַן תבואה".

די דאָרפסלײַט האָבן צוגעשאָקלט מיט די קעפּ:

„אַזאַ חכם איז נאָך ביז איצ[illegible]שט געבוירן געוואָרן אויף דער וועלט!"

דער לאַמבאַרדער איז געבליבן דער פירער פון דעם דאָרף האָזשראַ ביז הײַנטיקן טאָג.

אַלערליי חכמים [illegible] אַלערליי נאַראָנים זײַנען פאַראַן אויף דער וועלט!

# אַן עקשן ביזן טויט

## אַ סקאַנדינאַווישע מעשה



ין נאָרוועגיע האָט געלעבט אַ מאַן מיטן נאָמען גוסטאַוו. ער האָט געהאַט אַ ווײַב, איז זי געווען אַן עקשנטע איינע אין דער וועלט. האָט ער גע־זאָגט „שוואַרץ", האָט זי געזאָגט „ווײַס". האָט ער זי געבעטן קאָכן אויף וואַרמעס בעבלעך, האָט זי געקאָכט אַרבעס. האָט ער געוואָלט לאָקשן מיט מילך, האָט זי אים געגעבן פאַרפל מיט פעפער. האָט ער זי געבעטן, אַז זי זאָל אָנטאָן איר בלוי קלייד, האָט זי אָנגעטאָן דאָס ווײַסע קלייד. האָט ער זי געבעטן אָנצוטאָן דאָס ווײַסע קלייד, האָט זי אָנגעטאָן דאָס בלויע. האָט ער געוואָלט אַ נאָמען געבן דעם עלטסטן זון גוסטאַוו, ווי ס'פירט זיך בײַ אַלע סקאַנדינאַווער פעלקער, אַז דער עלטסטער זון טראָגט דעם טאַטנס נאָמען, האָט זי דעם בכור אַ נאָמען געגעבן עדוואַרד. אַלץ, וואָס דער מאַן האָט געזאָגט, האָט זי געזאָגט קאַפויר. און טאַקע אויסגעפירט, ווײַל זי איז געווען אַן עקשנטע איינע אין דער וועלט.

***

איין מאָל אין אַ זונטיק זײַנען מאַן און ווײַב אַרויס אָנצוקוקן זייערע תבואה־פעלדער. קומען זיי צו צום ערשטן פעלד, זעען זיי: דער ווייץ איז שוין הויך, די זאַנגען פול, געל, שטייען מיט אַראָפּגע־לאָזענע קעפּלעך. רופט זיך אָן גוסטאַוו:

„די תבואה איז צײַטיק. מאָרגן גאַנץ פרי װעלן מיר אַרױס אין פעלד שנײַדן דעם װײץ".

ענטפערט די עקשנטע:

„יאָ, די תבואה איז צײַטיק, דאָס זעט מען. מען דאַרף זי אַראָפּ־נעמען פון פעלד. מאָרגן װעלן מיר קומען מיט די שערן און אָפּשערן דעם װײץ".

פרעגט דער מאַן:

„װאָס װעלן מיר טאָן מאָרגן?"

„מיר װעלן קומען מיט די שערן און אָפּשערן דעם װײץ". — חזרט איבער די עקשנטע.

זאָגט גוסטאַװ:

„הער נאַר, עקשנטע, װוּ האָסטו געזען, אַז מען זאָל װײץ שערן? װוּ האָסטו אַזױנס געהערט?"

ענטפערט די עקשנטע:

„אַז איך זאָג שערן, איז שערן".

זאָגט גוסטאַװ:

„נו גוט, ביסטו אַן עקשנטע, װילסטו אױספירן. אָבער אַ ביסל שכל דאַרף מען דאָך אױך. װאָס איז, דו ביסט געשלאָפן, װען גאָט האָט אױסגעטײלט שכל אױף דער װעלט? אױב דו װעסט נישט שנײַדן דעם װײץ מיט סערפּן, װי אַלע מענטשן טוען, נאָר שערן מיט אַ שער, װעס־טו קײן מאָל נישט פאַרטיק װערן".

ענטפערט די עקשנטע:

„װעלן מיר נישט פאַרטיק װערן".

שװײַגט דער מאַן און דאָס פּאָרל גײט װײַטער. באַקוקן זײ דאָס פעלד מיט האָבער, דאָס קאָרן־פעלד. יאָ, אױף אַלע פעלדער איז די תבואה צײַטיק. פאַרנעמען זײ זיך אַהײם. האַלב װעג רופט זיך אָן דער מאַן:

„איך דאַרף נאָך הײַנט בײַנאַכט אָנשאַרפן די סערפּן".

ענטפערט די עקשנטע:

„איך האָב געזאָגט, אַז מען װעט שערן מיט אַ שער".

בעט זיך דער מאַן בײַ איר:

„באַטראַכט זיך, אפשר דאָך שנײַדן, װי אַלע פאַרמערס. מיר װעלן

דאָך שטאַרבן פון הונגער הײַנטיקן ווינטער, אויב מיר וועלן נישט באַווײַזן אַראָפּצונעמען די תבואה פון די פעלדער".

ענטפערט די עקשנטע:

„נישט שנײַדן, נאָר שערן! נישט שנײַדן, נאָר שערן".

און נישט נאָר זי האָט גערעדט, נאָר זי איז אים פאַרלאָפן דעם וועג, געטײַטלט אים אין פנים מיט די הענט און זיך גערייצט:

„נישט שנײַדן, נאָר שערן! נישט שנײַדן, נאָר שערן!"

און זי האָט זיך מיט דעם נישט באַנוגנט. זי האָט נאָך געמאַכט מיט די פינגער, ווי מען שערט.

גוסטאַוו גייט און דאָס ווײַב לויפט אים פאָרויס הינטערהוזײַלעכץ און רייצט זיך מיט אים. ער ווייסט נישט, וואָס צו טאָן מיט איר. זיי זײַנען שוין בײַ דער בריק, וואָס איבערן טײַך, און דאָס ווײַב, די עקשנטע, הערט זיך נישט אויף צו רייצן מיט אים. זי לויפט הינטער־ווײַלעכץ און מאַכט מיט די הענט און מאָלט מיטן מויל. זי איז אַזוי פאַרטאָן אין רייצן זיך מיטן מאַן, אַז זי זעט נישט וווהין זי גייט. פאַר־טשעפּעט זיך איר פוס אין אַ שטאַפּל פון דער בריק און פליוך — די עקשנטע פאַלט אַרײַן אין טײַך.

זי איז אַרײַנגעפאַלן אין וואַסער אין די שווערע זונטיק־קליידער און האָט באַלד אָנגעהויבן צו זינקען און טרינקען זיך. כאַפּט זי אָן דער מאַן בײַ די האָר און טראַכט זיך:

„אַן אומגליק קען אויך זײַן אַ גליק. אפשר איז איצט די צײַט זי איבערצורייזן".

האַלט ער איר קאָפּ איבערן וואַסער און זאָגט צו דער עקשנטע:

„אויב דו לאָזסט שנײַדן מיטן סערפּ, שלעפּ איך דיך אַרויס פון וואַסער. אויב דו האַלטסט זיך נאָך בײַם שערן דעם ווייץ, טונק איך דיך אונטער".

„שערן, שערן!" — שרײַט די עקשנטע, און קוים וואָס זי אָטעמט.

טונקט ער אונטער איר קאָפּ און האַלט זי גאַנץ לאַנג אונטערן וואַסער. דערנאָך שלעפּט ער זי אַרויס און פרעגט:

„נו, שנײַדן?"

כאַפּט זי אָפּ דעם אָטעם, שפּריצט אַרויס דאָס וואַסער פון מויל, טוט אַ שלונג און שרײַט אויס:

„שערן!"

טראַכט גוסטאַוו:

„איך וועל זי אָנלערנען".

ער טונקט זי ווידער אונטער און האַלט זי אונטערן וואַסער לענ־גער ווי פריִער. אָבער די עקשנטע גיט זיך נישט אונטער. זי שטרעקט אויס די רעכטע האַנט און מאַכט מיט די פינגער, ווי מען שערט.

זעט דער מאַן, אַז ס'איז פאַרפאַלן, נעמט ער זי אַרויסשלעפּן פון טייַך. ווי ער שלעפּט זי, כאַפּט זי אָפּ דעם אָטעם און שרייַט:

„איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט מיך ראַטעווען! איך וויל נישט!"

ענטפערט גוסטאַוו:

„אַז איך וועל דיך אָפּלאָזן, וועסטו דערטרונקען ווערן. דו קענסט דאָך נישט שווימען".

ענטפערט די עקשנטע:

„וועל איך דערטרונקען ווערן. מיך אַרט נישט. איך וויל נישט, אַז דו זאָלסט מיך ראַטעווען".

גוסטאַוו לאָזט זי נישט אָפּ, אָבער די עקשנטע זייַנע, האָט אים אָנגעהויבן בייַסן, רייַסן און אים שלעפּן אַראָפּ אין וואַסער אַרייַן. האָט ער זיך מיט איר געראַנגלט, און סוף כל סוף האָט זי זיך אַרויסגעריסן פון אים. אין איין רגע איז זי אַראָפּגעזונקען און פאַרשוווּנדן.

*****

דער מאַן האָט זיך געלאָזט לויפן אין דאָרף און געשריגן:

„ראַטעוועט! ראַטעוועט! מייַן ווייַב האָט זיך דערטרונקען!"

האָבן די דאָרפסלייַט אַרויסגענומען די ליולקעס פון די מייַלער, אויסגעשפּיגן און געזאָגט:

„אַז זי האָט זיך דערטרונקען, איז וואָס שרייַסטו «ראַטעוועט»! וועלן מיר גיין זוכן דעם קערפּער, ווייַל אַזוי פירט זיך אויף דער וועלט, אַז מען מוז געפינען אַ דערטרונקענעם און אים באַגראָבן אויפן צווינ־טער צווישן אייגענע".

האָט זיך דאָס גאַנצע דאָרף אַוועקגעלאָזט זוכן די דערטרונקענע. האָבן די דאָרפסלייַט געזוכט און געזוכט און נישט געפונען. זיי האָבן פאַרשפּרייט נעצן, געטאַפּט מיט קרוקעס און האָבן נישט געקענט

אפזוכן דעם טויטן קערפער. זיי האבן אנגעהויבן זוכן לעבן בריק זון געגאנגען אזוי מיטן שטראם און — גארנישט. זיי האבן געזוכט בייטאג און געזוכט בייינאכט, נאך א טאג מיט א נאכט, באטאפט יעדן קוסט לעבן די בריק, אראפגעלאזט די נעצן אין יעדן ווינקעלע פון טייך און — נישטא דער טויטער קערפער.

זאגן די דארפסלייט צו גוסטאוון:

„אפשר האט זיך דיר נאר אויסגעדוכט, אז זי האט זיך דער־טרונקען?"

„ס'האט זיך מיר נישט אויסגעדוכט" — זאגט גוסטאוו — „כ'האב אליין געזען, ווי זי איז אראפגעזונקען, ווי א שטיין. אבער איך מיין, אז מיר זוכן נישט אין דעם ריכטיקן ארט".

זאגן די דארפסלייט:

„וואס מיינסטו, מיר זוכן נישט אין דעם ריכטיקן ארט? א טויטער קערפער ווערט פארטראגן מיטן שטראם, זוכן מיר וואסער אראפ".

ענטפערט גוסטאוו:

„יא, געוויינטלעך איז טאקע אזוי, אבער מיין ווייב איז אן עקשנ־טע. זי איז געשווומען קעגן שטראם".

„ווי קען א טויטער קערפער שווימען קעגן שטראם?" — פרעגן די פארמערס.

„איר קענט נישט מיין ווייב" — ענטפערט גוסטאוו — „זי איז אזא עקשנטע, אז אפילו נאכן טויט וועט זי אלץ טאן קאפויר".

האבן די פארמערס געזאגט:

„אזוינס איז נאך נישט געהערט געווארן, אבער לאמיר פרווון זוכן קעגן שטראם".

וואס מיינט איר? זיי האבן זי געפונען פיר מייל פון דער בריק קעגן שטראם.

מען זאגט, אז ביז היינטיקן טאג איז נאך קיין גרעסערער עקשן נישט געבוירן געווארן אויף דער וועלט.

# אַפּגעריסענע נאַראָנים

## אַ צפון־אַמעריקאַנער פאָלקס־מעשה



ין דעם שטאַט מאַסאַטשוסעטס, נישט ווײַט פון באָסטאָן, האָבן געלעבט צוויי משפחות פאַרמערס, די הענדערסאָנס און די האַרדינגס. זיי זײַנען גע־ווען אַלט־געזעסענע, אַרבעטזאַמע און ערלעכע מענטשן. אָבער די הענדערסאָנס האָט מען גע־האַלטן פאַר נאַראָנים. און זיי זײַנען טאַקע געווען נאַראָנים.

איין מאָל, אין אַ פרילינגס־טאָג, איז געקומען האַרדינגס עלטערער זון אַהיים און האָט געזאָגט צום טאַטן:

„טאַטע, איך האָב ליב מאַרטאַ הענדערסאָן, די עלטערע טאָכטער פון אונדזער שכן. איך וואָלט געוואָלט, אַז דו זאָלסט אַריבערגיין צו אים און באַשטימען אַ טאָג פאַר אונדזער קנסמאָל, ווי ס׳פירט זיך אויף דער וועלט".

האָט האַרדינג געזאָגט צו זײַן זון:

„אָלעקס, דו ווייסט דאָך, אַז די הענדערסאָנס זײַנען קנאַפּע חכמים. קענסטו זיך נישט אויסקלײַבן קיין קליגערע כלה?"

„מיך אַרט נישט, צי די הענדערסאָנס זײַנען קלוג אָדער נאַריש. איך האָב ליב מאַרטאַן".

האָט דער פאָטער געענטפערט:

„ס׳איז דײַן פּעקל. זאָלסט אָבער שפּעטער נישט זאָגן, אַז איך האָב דיך נישט געוואָרנט. איך בין מסכים אויפן שידוך און וועל גיין צו הענדערסאָנען און זיך דורכריידן מיט אים".

און האָרדינג האָט געהאַלטן וואָרט. ער איז אַוועק צו זײַן שכן און האָט אים דערציילט, אַז אַלעקס האָט זיך פאַרליבט אין מאַרטאַן. הענדערסאָן האָט מסכים געווען אויפן שידוך. אַלעקס איז געווען אַ טײַערער בחור און ער האָט זיך קיין בעסערן חתן פאַר זײַן טאָכטער, מאַרטאַ, נישט געקענט ווינטשן. זיי האָבן אָפּגעשטימט דעם טאָג פון קנסמאָל און, ווי ס׳פירט זיך אויף דער וועלט, האָט כלהס צד געדאַרפט צוגרייטן דעם מאַלצײַט. די הענדערסאָנס האָבן צוגעזאָגט אַ סעודה, אַז גאַנץ מאַסאַטשוסעטס זאָל עס געדענקען.

*****

דער טאָג פון קנסמאָל איז געקומען. ס׳זײַנען אָנגעפאָרן געסט פון אַלע דערפער אַרום. די טישן אין הענדערסאָנס הויז זײַנען געווען גע־גרייט. די פײַנע טאַרטן זײַנען געווען אויסגעלייגט אויף די ווײַסע טישטעכער. ס׳זײַנען געווען אויסגעשטעלט שײנע פלעשלעך מיט ווײַן און שנאַפּס. די שטוב איז געווען באַפּוצט מיט פרישע פאַרהענגלעך און מיט בלומען. פון קיך האָט זיך געטראָגן דער ריח פון געבראָטענער קאַטשקע און גאַנדז. די ערשט־אויסגעבאַקענע ביסקוויטן האָבן פאַר־שמעקט דאָס הויז. די דינסטן זײַנען אַרומגעלאָפן און דערלאַנגט קאַלטן פּונש און לײַכטע זאַכן צו פאַרבײַסן. די געזונגענע פאַרם־אַרבע־טער האָבן אַלעמאָל צוגעשטעלט נאָך שטולן און בענק אַרום די טישן. אַלץ איז געווען, ווי עס באַדאַרף צו זײַן. נאָר פון די הענדערסאָנס איז קיין סימן נישט געווען. קיינער פון דער משפחה איז נישט געשטאַנען בײַם טויער צו באַגריסן די געסט, ווי ס׳איז דער מינהג אויף דער וועלט.

אַלע געסט זײַנען שוין אָנגעקומען. קיין איינער פון די אײַנגע־לאַדענע האָט נישט געפעלט, אָבער פון כלהס צד האָט זיך קיינער נישט געוויזן. נו, האָט מען געוואַרט אויף די הויפּט־מחותנים און אויף דער כלה. דער חתן האָט געוואַרט, זײַנע טאַטע־מאַמע האָבן געוואַרט, די ברידער און שוועסטער האָבן געוואַרט, אַלע האָבן געוואַרט, אָבער די הענדערסאָנס זײַנען ווי אויסגערונען.

מען האָט גענומען צוביסלעך בראָנפן, מען האָט גערעדט, מען האָט פאַרבראַכט, מען האָט געזונגען און געטאַנצט, און די מחותנים

זיינען אלץ נישטא. ס'איז געווען מאדנע, וואס די מענטשן זיינען אוועק פון דער אייגענער שטוב, ווען זיי האבן פארבעטן געסט. אבער ס'איז נישט געווען ווער צו פרעגן, האט מען געווארט. די זון איז שוין געווען גאנץ נידעריק. דער מאלצייט איז קאליע געווארן. די געסט זיינען געווארן אומגעדולדיק און ביסלעכווייז, ביסלעכווייז האט זיך דער עולם אנגעהויבן פאנאנדער צו גיין. יעדער פון די געסט האט נאריש געשמייכלט און זיך געזעגנט מיט די הארדינגס. א סך פון די געסט האבן זיך אפילו געשעמט זיך צו געזעגענען מיט דער הארדינג־משפחה און זיי האבן זיך שטילערהייט ארויסגערוקט. דער חתן איז מיט זיין משפחה געבליבן אליין אין הויז פארשעמטע. דער טאטע הארדינג האט געקוועטשט מיט די פלייצעס:

„עפעס אזוינס איז נאך נישט געהערט געווארן. מען זאל אנטלויפן פון דעם אייגענעם הויז!"

דעם חתנס פנים האט געפלאמט פון בושה, אבער ער האט זיך געמאכט הארץ און געבעטן טאטע־מאמע, שוועסטער און ברידער צוווארטן נאך א ביסל. זיי האבן אים צוליב געטאן. אבער סוף־כל־סוף איז דעם חתן אויך מיאוס געווארן צו ווארטן. די הארדינגס האבן איינגעשפאנט פערד־און־וואגן און זיך געלאזט פארן אהיים.

דער וועג אהיים האט דורכגעשניטן א בעריאזענעם וועלדל. אין וועלדל זיינען געשטאנען פראסטע טישן, צונויפגעקלאפט פון לאנגע ברעטער, און בענק, געמאכט פון נישט אפגעפארבטן פיכט־האלץ. אין וועלדל האבן די פארמערס גאנץ אפט געפראוועט פיקניקס. זעען די הארדינגס: די גאנצע הענדערסאן פאמיליע, דער טאטע, די מאמע, די צוויי יינגערע טעכטער, די צוויי עלטערע זין און זייערע פרויען — אלע זיצן זיי ארום דער כלה טיף פארטראכט.

דער טאטע הארדינג האט אפגעשטעלט די פערד. אלע זיינען אראפגעשפרונגען פון וואגן, צוגעלאפן צו די הענדערסאנס און געפרעגט אין איין קול:

„וואס טוט איר דא?"

דער פאטער הענדערסאן האט צוגעלייגט א פינגער צום מויל און געזאגט:

„ששש... מיר העלפן דער כלה, מארטאן, טראכטן. איר פאר־

שטייט, אין דער פרי איז מאַרטאַ אַרויסגעגאַנגען אין וועלדל זיך אָפּצורוען. זי האָט זיך גוט אָנגעאַרבעט. איז אַריבער אַ ביסל צייט, די געסט האָבן געדאַרפט באַלד אָנקומען, און מאַרטאַ איז נאָך נישטאָ. האָב איך אַוועקגעשיקט מײַן ייִנגערע טאָכטער, אַנאַ, זען, ווו מאַרטאַ איז. געפינט זי מאַרטאַן פאַרטראַכט. פרעגט אַנאַ מאַרטאַן:

„מאַרטאַ, וואָס טראַכסטו?"

זאָגט מאַרטאַ:

„אָט וועל איך באַלד חתונה האָבן. נאָך דער חתונה וועל איך געבוירן אַ טאָכטער. טראַכט איך, וואָס איז דער שענסטער מיידלשער נאָמען, וואָס איך קען געבן מײַן טאָכטער?"

פרעגט אַנאַ:

„נו, האָסטו זיך שוין דערטראַכט?"

„דערווײַל נאָך נישט" — ענטפערט מאַרטאַ.

זאָגט אַנאַ:

„לאָמיך דיר העלפן טראַכטן".

„זע איך" — דערציילט ווײַטער העגדערסאָן, — אַז מײַן טאָכטער, אַנאַ, איז נישט צוריקגעקומען, האָב איך אַוועקגעשיקט מײַן ייִנגסטע טאָכטער, פלאָרענס, נאָך זיי. נו, איז די ייִנגסטע טאָכטער אויך געבליבן העלפן מאַרטאַן טראַכטן. האָב איך געשיקט נאָך זיי מײַנע זין, מײַנע שניר, און זיי זײַנען אַלע געבליבן העלפן מאַרטאַן טראַכטן. האָב געשיקט נאָך זיי מײַן ווײַב און גאָר צולעצט בין איך אַליין אַוועק נאָך זיי. מיר אַלע האָבן געהאָלפן מאַרטאַן טראַכטן, אָבער קיינער פון אונדז האָט זיך נישט דערטראַכט צום שענסטן נאָמען. האָבן מיר זיך אַזוי פאַרגעסן אין דעם קנסמאָל".

ווען די האַרדינגס האָבן דערהערט די מעשה, האָבן זיי אַלע אויסגעשאָסן אַ געלעכטער.

„יאָ, מיר האָבן געהערט, אַז איר זײַט קנאַפּע חכמים, אָבער מיר האָבן נישט געוווּסט, אַז איר זײַט אַזעלכע טיפּשים".

און דער פאָטער האָט זיך אַ קער געטאָן צום חתן און געזאָגט:

„ווילסטו נאָך אַלץ די קלוגע כלה?"

„יאָ" — האָט אַלעקס געענטפערט — „איך וויל די כלה, צי קלוג, צי נאַריש. איך האָב זי ליב און איך וויל מיט איר חתונה האָבן".

„אָבער די גאַנצע וועלט וועט דאָך לאַכן פון דיר אין די הויפנס"
— האָט דער פאָטער געזאָגט.

האָט דער חתן געענטפערט:

„מ'וועט נישט לאַכן. ס'זיינען פאַראַן ג[illegible]ייסערע נאַראָנים פון די ענדערסאָנס אויף דער וועלט".

„ווייסטו וואָס, דו פאַרליבטער נאַר" — רופט זיך אָן דער פאָטער צום חתן — „אָט איז־אַ פערד און נאַ דיר אַ כיסל געלט. לאָז זיך אַוועק אויף דער גרויסער וועלט און זוך. פאַרזאַם זיך אַ יאָר. ועסטו אין דעם יאָר געפינען דריי נאַראָנים, וואָס שטייען אַריבער די ענדערסאָנס, דעמאָלט קום אַהיים און האָב חתונה מיט דיין כלה. וועסטו נישט געפינען, איז אויס שידוך".

דער זון האָט שטום צוגענומען דעם ביטל געלט, האָט זיך אַרויפגעזעצט אויפן פערד און זיך אַוועקגעלאָזט אין דער גרויסער וועלט אַריין.

*****

פאָרט אַלעקס איבער דער וועלט און זוכט נאַראָנים. ער האָט אָנגעטראָפן אַלערליי מענטשן, אָבער קיין גרעסערע נאַראָנים פון די ענדערסאָנס האָט ער נישט געפונען. חדשים זיינען אַריבער. דער יונג איז געוואָרן אומעטיק. פאַרזאָרגט. ווער ווייס, צ[illegible]שר איז דער פאָטער זיינער גערעכט? אָבער דער בחור האָט ליב [illegible]ט מאַרטאַן און ער האָט נישט אויפגעהערט זוכן.

איין מאָל, אין אַ ווינטער־נאַכט, איז ער פאָר[illegible] אַ קרעטשמע. ער האָט אַריינגעשטעלט דאָס פערד אין שטאַ[illegible]גט עם מיט היי און האָבער און אַליין איז ער אַריין אין קרעטש[illegible]ע און באַשטעלט אַ מאָלצייט. דאָס צימער איז געווען פוסט, נאָר אַן אַלטע פרוי האָט זיך געפּאָרעט ביים אויוון. זי האָט אים דערלאַנגט דאָס עסן און איז ערגעץ פאַרשוווּנדן אין אַן אַנדער צימער. זיצט אַלעקס און עסט. מיט אַ מאָל דערהערט ער אַ געזאַנג. אַ מאַמע פאַרוויגט אַ קינד. די שטים איז קלאָר, שיין, זיס, אָבער דער ניגון איז אַזוי אומעטיק, אַז עס פאַרכאַפּט ביים האַרצן. אַלעקס הערט זיך צו. דער ניגון ווערט אומעטיקער און אומעטיקער. מיט אַ מאָל איז דאָס געזאַנג איבערגעריסן געוואָרן

פון אַ געוויין. דאָס געוויין ווערט העכער און שטאַרקער און פאַרגייט זיך אין אַ יאָמער.

אַלעקס לייגט אַוועק דעם לעפל, הייבט זיך אויף און גייט נאָך דעם געוויין. ער גייט אַרויף אויפן צווייטן שטאָק. ער קומט אַריַין אין אַ צימער, זעט ער — אַ מאַמע זיצט אַריבערגעבויגן איבער אַ וויגעלע און וויינט.

„זאָגט אַלעקס:

„זאָגט מיר נאָר, יונגע מאַמע, וואָס וויינט איר?"

ענטפערט די יונגע מאַמע:

„ווי זאָל איך נישט וויינען? טוט אַ קוק אויבן אויפן באַלקן, וועט איר זען".

הייבט אויף אַלעקס זײַנע אויגן צום הויכן באַלקן און ער זעט אַ שאַרף העקל אַרײַנגעהאַקט אין דעם דיקן באַלקן.

טוט אַלעקס אַ קוועטש מיט די פּלייצעס און זאָגט:

„איך ווייס נאָך אַלץ נישט, וואָס איר וויינט".

זאָגט די מאַמע שלוכצנדיק:

„ווי זאָל איך נישט וויינען, אַז אויף מײַן קינד לויערט אַ געפאַר. דאָס ייִנגעלע איז דאָך גלײַך אונטער דער האַק. ווי אַז די האַק פאַלט אַראָפּ? זי וועט דאָך פאַלן גלײַך מײַן קינד אין קאָפּ".

טוט אַלעקס אַ שמייכל און זאָגט מיט אַן ערנסט אַנגעצויגן פּנים:

„וואָס וועט איר מיר געבן, אַז איך וועל אַרויסראַטעווען אײַער קינד פון דער געפאַר?"

ענטפערט די מאַמע:

„איך האָב אָפּגעשפּאָרט צען גילדענע רענדלעך. נאָט אײַך מײַן פאַרמעגן און ראַטעוועט מײַן קינד".

אַלעקס האָט צוגענומען די גילדענע רענדלעך און אַרײַנגעלייגט אין קעשענע. דערנאָ[illegible] ער צוגעגאַנגען און האָט אָפּגערוקט דאָס וויגעלע צען פוס [illegible] אונטער דער האַק.

די יונגע נאָ[illegible] איז געפאַלן אויף אירע קני און האָט גע־קושט מיט דאַנק[illegible] אַלעקסעס הענט.

אויף מאָרגן האָט [illegible]יך דער יונג אַרויפגעזעצט אַ פרייליכער אויף

זײַן פערד און איז אװעקגעריטן װײַטער. ער האָט געפונען איין נאַר, װאָס שטײַגט אַריבער די הענדערסאָנס.

*****

אלעקס איז געפאָרן און געפאָרן, און קיין גרעסערע נאַראָנים פון די הענדערסאָנס האָט ער נישט אָנגעטראָפן. חדשים שפּעטער, אין אַ זומערדיקן אָװנט, איז ער צוגעפאָרן צו אַ פּויערישן הויף. ס'איז געװען אין אָװנט פון פערטן יולי. קאָנעטיק, אַז אַלע זײַנען אַװעקגעפאָרן אין דעם דערבײַיִקן שטעטל צו פײַערן דעם יום־טוב. אלעקס האָט געזוכט אַ לעבעדיקן מענטשן אין הויף. נישטאָ. מיט אַ מאָל דערהערט ער, װי פון לעבן אַ שטאַל טראָגט זיך אַ בייז קול, דאָס סװישטשען פון אַ בײַטש און דאָס הירזשען פון אַ פערד. גייט אַלעקס נאָך דעם קול און דערזעט, װי אַ פּאַרמער שטייט, האַלט אַ פערד בײַם צײַמל און טרײַבט דאָס פערד אַרויף אויף אַ לייטער. דאָס פערד שטעלט זיך אויף די הינטערשטע פיס און דער מאַן שמײַסט עס און שרײַט:

„דו פאַרשאָלטענע בריאה, איך װעל דיר די פעל צעפּאַטשן! קריך אַרויף אויף דער לייטער, אַז נישט װעט בלוט פון דיר רינען!"

זאָגט אַלעקס צום פּויער:

„פאַרװאָס שמײַסטו אַזױ דאָס פערד?"

ענטפערט דער פּאַרמער:

„איך האָב פײַנט עקשנים. אַפילו אַ פערד דאַרף נישט זײַן קיין עקשן. אָט בין איך געקומען אַהיים און קיין היי איז אין שטאַל נישטאָ. קיינער פון די העלפער איז נישטאָ אָנצוקאָרמענען דאָס פערד. אָבער דער בוידעם איז אָנגעפּראָפּט מיט דעם בעסטן היי. האָב איך צוגע־שטעלט אַ לייטער און זאָג דעם פערד, אַז ס'זאָל אַרויפקלעטערן אויפן בוידעם. װיל עס נישט. װעל איך עס צעפּאַטשן, בלוט װעט ... אים רינען. ער װעט בײַ מיר נישט פגרן פון הונגער".

זאָגט אַלעקס:

„זאָג דעם אמת, ביסטו שיכור?"

ענטפערט דער פּאַרמער:

„אַ, ניין! כ'האָב שוין צװאָנציק יאָר קיין טראָפּן בראָנפן אין מויל

נישט געגומען. איך בין קענן טרינקען שנאפס. וואסי, פרעמדער, איך פיר זיך אויף ווי א שיכור?״

אלעקס האט שטיל א לאך געטאן און האט געוואלט זאגן: „אויב ביסט נישט שיכור, ביסטו א שוטה״. ער האט אבער נאר געזאגט:

„איך האב א מיטל, אז דאס פערד זאל קריגן היי און נישט דארפן קלעטערן אויפן בוידעם״.

זאגט דער פארמער:

„אז דו וועסט מיר ווייזן דעם קונץ, וועל איך דיך גוט באלוינען״.

נעמט אלעקס און גייט ארויף אויפן בוידעם און מיט דעם היי־גאפלווארפט ער אראפ גענוג היי אנצוקארמענען דאס פערד.

קנאקט דער פארמער מיט דער צונג:

„פרעמדער, דו האסט געראטעוועט מיין פערד. ווען נישט דו, וואלט איך די שטומע בריאה צום טויט דערשלאגן״.

אלעקס האט געגעסן וועטשערע מיט א פריילעך הארץ. ער האט געפונען א צווייטן נאר גרעסער פון די ענדערסאנס. נאך איין נאר און ער וועט קענען חתונה האבן מיט מארטאן.

**
*

פארט אלעקס און פארט אין קומט אן אין א היפשן שטעטל. זעט ער, אז לעבן דער קירך רודי... יך. ס׳שטייט א גרויסער עולם. צווישן עולם שטייט א יונגערמאן, ... זאן ווי א חתן און מענטשן טענהן מיט אים איין.

גייט אלעקס צו נענטער. הערט ער אזא שמועס:

„ס׳איז פארפאלן. דו ביסט צו הויך און קאנסט נישט אריין דורך דער טיר פון דער קירך. ווילסטו חתונה האבן, מוז מען דיר אפשניידן דעם קאפ. אז דו וועסט ווערן מיט א קאפ קירצער, וועסטו קענען אריינגיין אין קירך און דער פאסטאר וועט דורכפירן די צערעמאניע״.

וויינט דער חתן:

„איך וויל נישט מען זאל מיר אפהאקן דעם קאפ״.

זאגן די מחותנים:

„ווילסטו נישט, אז מען זאל דיר אפהאקן דעם קאפ? וועלן מיר

דיר אפשנייַדן די פיס. אז מען וועט דיר אפשנייַדן די פיס, וועסטו אויך קירצער ווערן".

וויינט ווידער דער חתן:

„איך וויל נישט מען זאל מיר אפשנייַדן די פיס".

ענטפערן די מחותנים:

„איז אוים התונה. ווי קענסטו אַרייַן אין דער טיר פון קירך?"

וויינט דער חתן:

„איך וויל חתונה האבן!"

ווערן די מחותנים שוין אין כעס:

„אהער אדער אהין! אדער אפשנייַדן די פיס, אדער דעם קאפ! וואס מיינסטו, מיר וועלן דא שטיין א גאנצן טאג? דער מאלצייַט ווערט קאלט. אונדזערע גומענס זייַנען טרוקן און מיר זייַנען טויט הונגעריק.

שפרינגט צו אלעקס און זאגט:

„נו, ווי אז איך וועל אייַך וויַיזן א וועג, אז דער חתן זאל קענען אַרייַן אין קירך אט ווי ער שטייט און גייט מיט א גאנצן קאפ און גאנצע פיס?"

רופן זיך אן די מחותנים:

„ס'איז ווערט הונדערט גילדענע רענדלעך".

זאגט אלעקס צום קלוגן חתן:

„בייג אייַן דעם קאפ! אט אזוי, נאך א ביסל! געדענק, קומסטו צו צו א נידעריקער טיר, בייג אלע מאל אייַן דעם קאפ".

די מחותנים זייַנען נשתומם געווארן. דער חתן איז טאקע אַרייַן אין דער קירך. זיי האבן געהאלטן ווארט און אפגעצאלט אלעקסן הונדערט גאלדענע רענדלעך.

*****

אלעקס איז געקומען אהיים און האט געזאגט צו זייַן טאטן:

„איך האב געפונען דרייַ נאראנים, וואס שטייַגן אריבער די הענ-דערסאנס".

און אלעקס האט אים דערציילט פון די דרייַ באגעגענישן, וואס ער האט געהאט, און האט אים געוויזן דאס גאלד, וואס ער האט גע-בראכט אהיים.

דער טאַטע האָט אַ זיפץ געטאָן:
„איך בין מסכים אויפן שידוך".

אַלעקס האָט חתונה געהאַט מיט מאַרטאַן. מען דערציילט, אַז דאָס פּאָרל האָט געלעבט־זייער גליקלעך. מאַרטאַ האָט איר מאַן געהאַלטן פֿאַר דעם קליגסטן מענטשן אין דער וועלט. ווען זי איז באַגאַנגען אַ נאַרישקייט, האָט אַלעקס זיך נישט געבייזערט. ער האָט געוווּסט, אַז זי איז נישט די ערגסטע. ס'זייַנען דאָ גרעסערע נאַראָנים פֿון איר אויף דער וועלט. צו נאַרישקייט, ווי צו חכמה איז נישטאָ קיין שיעור און קיין גרענעץ.



# איך האב דיך ליב ווי זאַלץ

## אַן אירלענדישער וואַריאַנט פון אַ יידישער מעשה



מאל איז געווען זייער א רײַכער מאַן. ער האט געהאט דרײַ שיינע טעכטער, שיינע און קלוגע מיידלעך. די ייִנגסטע איז געווען אזוי שיין און קלוג, ווי אירע עלטערע שוועסטער, אבער זי איז געווען א היפשע עקשנטע. האט זי עפּעס ארויסגערעדט פון מויל, איז געוועזן פארפאלן. זי האט געהייסן ראזע — א רויז; האבן אלע געזאגט: די רויז האט שטעכלקעס.

יאר איין, יאר אויס פלעגט דער גביר פײַערן זײַן געבוירנטאג. ווען ער איז אלט געווארן פופציק יאר, האט ער געמאכט גאר א גרויסע שמחה. אז ס'איז אים פריילעך געווארן אויפן הארצן, האט ער געזאגט צו זײַן עלטסטער טאכטער:

„זאג מיר נאר, טאכטערשע, ווי שטארק האסטו מיך האלטן?"

און די עלטסטע טאכטער האט געענטפערט:

„טאטע ליבער, טאטע טײַערער, איך האב דיך ליב, ווי מײַן לעבן".

האט געענטפערט דער גביר:

„גוט געזאגט, טאכטערשע! איך זע, אז דו האסט מיך טאקע שטארק ליב. דערפאר קריגסטו פון מיר גאר א שיינע מתנה. נא דיר א ר[illegible]סלעט מיט צוויי-און-זיבעציק בלויע און גרינע דימענטן".

אז ער איז פארטיק געווארן מיט דער עלטסטער טאכטער, האט ער געזאגט צו דער מיטלסטער:

„זאג מיר, טאכטערש ווי שטארק האסטו מיך האלטן?"

און די מיטעלע טאָכטער האָט געענטפערט:

„טאַטע ליבער, טאַטע טײַערער, איך האָב דיך ליב בעסער פון דער גאַנצער וועלט".

האָט געענטפערט דער רײַכער מאַן:

„גוט געזאָגט, טאָכטערשע! איך זע, אַז דו האָסט מיך טאַקע ליב. דערפאַר קריגסטו פון מיר גאָר אַ שיינע מתנה. נאַ דיר אויך אַ בראַסלעט מיט צוויי־און־זיבעציק בלויע און גרינע דימענטן".

און אַז ער איז פאַרטיק געוואָרן מיט דער מיטלסטער טאָכטער, האָט ער געזאָגט צו דער מוזינקע:

„זאָג מיר נאָר, טאָכטערשע, ווי שטאַרק דו האָסט מיך האָלט".

האָט ראָזע זיך אָפּגערופן און געזאָגט:

„איך האָב דיך ליב, טאַטע טײַערער, ווי געקעכץ האָט ליב זאַלץ".

די געסט האָבן אַרויסגעפּלאַצט אין אַ געלעכטער און דער גביר איז געוואָרן רויט פון כעס און האָט געזאָגט:

„ראָזע מײַן טאָכטער, דו האָסט מיך פאַרשעמט פאַר אַלע געסט. וואָלסט שוין בעסער געשוויגן. אָבער פאַר אַלעמען אין די אויגן האָסטו געזאָגט, אַז דו האָסט מיך ליב ווי זאַלץ, אַ זאַך, וואָס קאָסט אַ גראָשן אַ פונט. נאַ, איך האָב פאַר דיר אויך אַ מתנה".

און דער גביר האָט גענומען אַ זעקעלע זאַלץ און עס אָנגעהאַנגען דער טאָכטער אויפן האַלדז און ער האָט זי אַרויסגעטריבן פון הויז.

***

ראָזע, די מוזינקע, איז געגאַנגען און געגאַנגען, ביז זי איז הונגעריק געוואָרן. זי האָט געקענט זיך אומקערן אַהיים און זאָגן איר טאַטן, פאַרוואָס זי האָט אים ליב, ווי געקעכץ האָט ליב זאַלץ. ער וואָלט פאַרשטאַנען, אַז זי האָט אים אַזוי שטאַרק ליב, ווי אירע עלטערע שוועסטער. אָבער זי איז דאָך אַ פאַרביסענע, אַן עקשנטע, האָט זי זיך נישט אומגעקערט צוריק אַהיים. זי האָט זיך צוגעזעצט אויף אַ שטיין און האָט אָנגעהויבן טראַכטן. זי האָט געטראַכט און געטראַכט. דערנאָך האָט זי זיך אויפגעהויבן און איז אוועק זוכן אַלטע קליידער — שמאַטעס און טראַנטעס. ווען זי האָט געפונען, וואָס זי האָט געוואָלט,

האָט זי אויסגעטאָן אירע רײַכע קלײדער און האָט זיך איבערגעטאָן אין די שמאַטעס און טראַנטעס. זי האָט צונױפגעלײגט אירע זאַכן, אײַנגעװיקלט זײ אין אַן אַלט טיכל און איז אַװעק װײַטער. אין אַ טאָג אַרום איז זי צוגעקומען צו אַ גרױסער רײַכער מױער. זי האָט אָנגעקלאַפּט אין דער קיך־טיר און געפרעגט:

„גוטע מענטשן, דאַרפט איר אפשר אַ דינסט?"

„נײן, מיר דאַרפן נישט" — האָט די קעכין געענטפערט.

„גוטע מענטשן, האָט רחמנות, איך בין הונגעריק און האָב נישט קײן היים, װוּ דעם קאָפּ אַװעקצולײגן. איך װיל נישט קײן שכירות. איך װעל אַרבעטן פאַרן עסן און פאַר אַן אָרט צו שלאָפן".

װען די באַלעבאָסטע פון מױער האָט דאָס דערהערט, האָט זי געזאָגט צו דער קעכין:

„אױב זי װיל שלאָפן הינטערן אױװן, מעג זי דאָ בלײַבן. אָבער זי װעט דאַרפן אַרבעטן שװער. זי װעט מוזן רײניקן די טעפּ, שײַערן די קופּערנע פאַנען און פּוצן אַלע טאָג די זילבערנע גאָפּל־מעסער".

„איך בין צופרידן דאָס צו טאָן" — האָט געזאָגט ראָזע.

און די גבירישע טאָכטער, װאָס האָט קײן מאָל נישט אײַנגעטונקט קײן פינ[illegible] אין קאַלט װאַסער, איז געבליבן דינען אין גרױסן מױער.

אַזאַ עקשנטע איז זי געװען!



די שטאָלצע, פּאַרריסענע ראָזע איז געװאָרן אַ דינסט, װי אַלע דינסטן. אַ גאַנצן טאָג האָט זי גערײניקט די משוהונענע (אײַזערנע) טעפּ, געשײַערט די שװערע קופּערנע פאַנען, געװאַשן די פּאָרצעלײַענע שיסלען און די טעלער און געפּוצט די זילבערנע גאָפּל־מעסער. זי האָט שװער געהאָרעװעט, אָבער זי האָט זיך נישט געקלאָגט. די דינסטן, װאָס האָבן זיך פאַרנומען מיט אַנדערע אַרבעטן, װי פאַרבעטן די בעטן, װאַשן װעש, פּרעסן קלײדער, רײניקן דאָס הױז — האָבן זיך װײניק געחברט מיט איר. זײ האָבן איר געגעבן אַ צונאָמען: „דאָס מײדל אין די טראַנטעס", אָדער גאָר „טראַנטע". ראָזע האָט נאָך אַלץ געטראָגן די שמאַטעס, װאָס זי איז אין זײ אָנגעקומען אין מױער.

ס'זײַנען אַװעק אַ פּאָר חדשים. ס'איז געװאָרן װינטער. די טעג

זײַנען געוואָרן קירצער, די נעכט לענגער. אין שטאָט האָט מען זיך געגרייט צו אַ גרויסן באַל. אויפֿן באַל פֿלעגן קומען די רײַכסטע און פּאַרנעמסטע מענטשן פֿון שטאָט. מען פֿלעגט טאַנצן און הוליען ביזן ווײַסן טאָג אַרײַן. אין דער גרויסער געמויערטער שטוב האָט מען זיך אויך געגרייט. מ׳האָט באַשטעלט נײַע קליידער, געקויפֿט צירונג, די דינסטן האָבן געוואַשן, געקראַכמאַלעוועט אייבער־העמדער, געפּרעסט, געריייניקט, געפּוצט — ס׳האָט זיך געקערט אַ וועלט.

דער אָוונט איז סוף־כל־סוף געקומען און די באַלעבאַטים מיט די קינדער זײַנען אַוועק צום באַל. די דינסט־מיידלעך האָבן זיך אויך אויסגעפּוצט און זײַנען געגאַנגען צום באַל. אינעווייניק אין זאַל האָט מען זיי נישט אַרײַנגעלאָזט, נאָר אין דער גרויסער שטוב פֿון באַל איז געווען אַ אָפּגעצאַמטער אָרט פֿאַרן אָרעמען פֿאָלק. די אָרעמע דינסט־מיידלעך האָבן פֿון דאָרט געקענט אָנקוקן די שמחה און הערן, ווי די קלעזמער שפּילן. די, וואָס האָבן נישט געקענט אַרײַנגיין, זײַנען גע־שטאַנען אונטער די פֿענצטער און האָבן זיך צוגעקוקט צו די טענץ.

האָבן די דינסט־מיידלעך געזאָגט צו ראָזען:

„טראַנטע, קום מיט אונדז צום באַל. מיר וועלן דיר געבן עפּעס לײַטישס אָנצוטאָן און קום מיט אונדז. דו וועסט הערן, ווי שיין די שטאָטישע קלעזמער שפּילן, דו וועסט זען־די נײַסטע טענץ און וועסט אָנקוקן די רײַכע קליידער פֿון אונדזערע נגידים".

האָט ראָזע געענטפֿערט און געזאָגט:

„איך בין מיד פֿון ריייניקן טעפּ, שײַערן פּאָנען, וואַשן געשיר און פּוצן גאָפּל־מעסער. איך וויל בעסער גיין שלאָפֿן און זיך גוט אויסרוען".

האָבן די דינסט־מיידלעך געזאָגט:

„גיי, גיי, לייג זיך אונטערן אויוון און שלאָף, טראַנטע. דו האָסט נישט קיין שׂכל און ס׳איז בעסער אַזוי. דײַן פֿאַרשמירט, בלאָטיק פּנים קען נאָך עמעצן איבערשרעקן".

אָפּגעזאָגט און אַוועק.



ס׳איז געוואָרן שטיל אין שטוב. ראָזע האָט אַראָפּגעוואָרפֿן אירע שמאַטעס, זיך גוט אָרומגעוואַשן, פֿאַרקעמט און פֿאַרפֿלאָכטן אירע

לאנגע שווארצע האר, האט אנגעטאן אירע שיינע קליידער און איז אוועק צום באל.

די אויסגעפוצטע ראזע האט מען אריינגעלאזט אין זאל. מ'האט געמיינט, אז זי איז איינע פון די איינגעלאדענע געסט. א סך שיינע יונגע פרויען און מיידלעך זיינען דארט געווען, אבער ראזע איז געווען די שענסטע, און אנגעטאן איז זי געווען רייכער פון אלעמען. איר באלעבאסטעס זון, א יונגער, א הויכער, א שיינער, וואס איז געווען פארקנפט צו א גאר, גאר א רייך מיידל, האט א קוק געטאן אויף ראזען און באלד זיך פארליבט אין איר. א גאנצן אוונט האט ער געטאנצט נאר מיט איר, און מיט איר אליין.

פאר דעם לעצטן טאנץ האט ראזע זיך ארויסגעגנבעט פון זאל און איז אוועק אהיים. זי האט שנעל אויסגעטאן אירע קליידער, צוריק אנגעטאן די טראנטעס און איז אוועק הינטערן אויוון. ווען די דינסט־מיידלעך זיינען צוריקגעקומען, האט זי זיך געמאכט שלאפנדיק.

אויף מארגן אין דער פרי האבן די דינסט־מיידלעך געזאגט צו איר:

„דו, טראנטע, ס'מעג דיך פארדריסן, וואס דו ביסט נישט געווען אויפן באל. דו האסט געדארפט זען, וואס דארט האט זיך אפגעטאן".

„וואס אזוינס האט זיך דארט געטאן?" — האט ראזע געפרעגט.

„אונדזער באלעבאסטעס זינדל איז דאך פארקנסט צום רייכסטן מיידל פון שטאט. אבער נעכטן האט ער א גאנצע נאכט געטאנצט מיט אן אנדערער".

„ווער איז זי?"

„קיינער ווייסט נישט. זי איז שיין, ווי זיבן זונען, און אויסגעפוצט איז זי געווען אין עסיק און אין האניק. א פרינצעסן, אן אמתע פרינצעסן".

„מיין דאגה" — האט ראזע געענטפערט — „איך האב מיינע אייגענע צרות מיט די טעפ, פאנען און געשיר".

„פון דעסטוועגן האסטו געמעגט אנקוקן, ווי אונדזער באלעבאסטע איז געווען רויט ווי א בוריק פון חרפה. און ווי די כלה האט זיך געבלאזן ווי אן אינדיק. אבער דיר ליגן נאר טעפ אין זינען. אויב דו

ווילסט זײַן אַ מענטש ווי אַלע מענטשן, איז נאָך נישט צו שפּעט. הײַנט בײַנאַכט איז ווידער אַ באַל. קום מיט אונדז".

„מירן זען!" — האָט ראָזע געענטפערט.

*****

און אָט איז דער צווייטער אָוונט. די דינסט־מיידלעך האָבן זיך אויסגעפּוצט, גרייט צו גיין צום באַל. זיי האָבן ווידער געפרעגט ראָזען:

„נו, ווילסט גיין צום באַל?"

„ניין" — האָט ראָזע געענטפערט. — „איך בין צו מיד. איך וועל זיך בעסער אויסשלאָפן".

די דינסטן זײַנען אַוועק אָן איר. ווי נאָר זיי זײַנען אַוועק, האָט ראָזע גיך אַראָפּגעוואָרפן אירע שמאַטעס, זיך גוט אָרומגעוואַשן, פאַרקעמט און פאַרפלאָכטן אירע לאַנגע שוואַרצע האָר, אָנגעטאָן אירע רײַכע קליידער און איז אַוועק צום באַל. ווען זי איז אַרײַן אין דעם באַלויכטענעם זאַל, האָט שוין דער באַלעבאָסטעס זון געוואַרט אויף איר. ער האָט דעם גאַנצן אָוונט געטאַנצט מיט איר און נאָר מיט איר. ער האָט זי נישט אָפּגעלאָזט. פאַרן לעצטן טאַנץ האָט זי זיך ווידער שטיל אַרויסגערוקט פון זאַל. ווען די דינסטן זײַנען אַהיים געקומען, האָבן זיי זי געטראָפן כּלומרשט שלאָפנדיק, גלײַך ווי ס'האָט קיין מאָל גאָר נישט געטראָפן.

אויף מאָרגן האָבן די דינסטן געזאָגט צו איר:

„דו טראָנטע־מיידל, ס'מעג דיך באמת פאַרדריסן, וואָס דו ביסט נישט געגאַנגען צום באַל. זי איז דאָרט ווידער געווען און דער באַלעבאָסטעס זינדל האָט פון איר קיין אויג נישט אַראָפּגענומען. אוי, איז זײַן כלה געווען אויפגעבראַכט! אוי, האָט זײַן מאַמע געברענט!"

„טאַקע אַ שאָד!" — האָט דאָס טראָנטע־מיידל געענטפערט — „אָבער נאָך אַ טאָג אַרבעט בין איך שלעפעריק".

„פאַרפעל נישט דעם לעצטן באַל, דו נאַר! הײַנט בײַנאַכט איז דער לעצטער באַל".

ראָזע, דאָס טראָנטע־מיידל, האָט געענטפערט:

„איצט דאַרף איך זיך פאַרנעמען מיט מײַנע טעפּ, פאַנען, געשיר און גאָפּל-מעסער. און גאָר וועלן מיר זען".

***

דער דריטער אָוונט איז געקומען און די דינסטן האָבן זיך אויסגעפּוצט צו גיין אויפן באַל. אָבער ראָזע האָט געזאָגט, אַז זי איז צו מיד, און זיי זײַנען אַוועק אָן איר. ווי נאָר זיי זײַנען אַוועק, האָט זי אַראָפּגעוואָרפן פון זיך די שמאַטעס, זיך אָרומגעוואַשן, פאַרקעמט אירע לאַנגע שוואַרצע האָר און אָנגעטאָן אירע שיינע קליידער און איז אַוועק צום באַל. דער באַלעבאַטעס זון האָט אויסגעקוקט זײַנע אויגן, וואַרטנדיק אויף איר. ער האָט געטאַנצט מיט איר און נאָר מיט איר, אָפּגעהיט אירע טריט און ער האָט זי געבעטן, אַז זי זאָל אים זאָגן, ווער זי איז. ראָזע האָט געשמייכלט, אַראָפּגעלאָזט די אויגן און געשוויגן.

פאַרן לעצטן טאַנץ האָט דער באַלעבאַטעס זון אַראָפּגענומען זײַן דימענטן רינגל, עס אָנגעטאָן ראָזען אויפן מיטלסטן פינגער און געזאָגט:

„שוואַרצאַפּל פון מײַן אויג, לעבן מײַנס, איך ווייס, אַז באַלד וועסטו נישט ווערן. אויב איך וועל דיר מער נישט זען, וועל איך שטאַרבן פון בענקשאַפט".

פאַרן לעצטן טאַנץ האָט ראָזע זיך אַרויסגעגנבעט פון באַל-זאַל און איז גלײַך אַהיים געלאָפן. זי האָט זיך שנעל איבערגעטאָן אין אירע שמאַטעס און זיך אַרײַנגעכאַפּט אין בעט הינטערן אויוון.

אויף מאָרגן איז די קיך געגאַנגען כאַדאַראַם. אַלע דינסטן האָבן גערעדט און דערציילט, ווי דער באַלעבאַטעס זון איז נישט אָפּגעטראָטן פון דעם פרעמדן שיינעם מיידל. ער האָט זי נישט אָפּגעלאָזט פון אויג אויף איין מינוט, און דאָך איז זי נישט געוואָרן פאַרן לעצטן טאַנץ. קיינער קען זי נישט און קיינער ווייסט נישט, ווער זי איז. דער באַלעבאַטעס זון ווערט משוגע פון בענקשאַפט.

דאָס מיידל אין טראַנטעס האָט זיך צוגעהערט צו אַלע ריידערײַען און האָט געשוויגן. זי האָט גערייניקט די טעפּ, געשײַערט די פאַנען,

געוואַשן געשיר און געפּוצט די זילבערנע גאָפּל־מעסער און האָט נישט געזאָגט קיין וואָרט.

*****

דער רײַכער בחור האָט נישט גערוט. ער האָט אָנגעהויבן אַרומזוכן דאָס פֿרעמדע שיינע מיידל. ער האָט זיך נאָכגעפֿרעגט בײַ באַקאַנטע, בײַ פֿרעמדע, בײַ די שטאָטישע מענטשן און בײַ די געסט, וואָס זײַנען געקומען פֿון אַנדערע שטעט צום באַל. קיינער האָט נישט געקענט דאָס שיינע מיידל מיט די פֿעך־שוואַרצע האָר, מיט די ברוינע אויגן, שניי־ווײַס קלייד און טײַערע בריליאַנטן. דער רײַכער בחור האָט געזוכט, גענישטערט און איז געבליבן בײַ גאָרנישט. דער פֿאַרליבטער בחור איז קראַנק געוואָרן פֿון בענקשאַפֿט און האָט זיך אַרײַנגעלייגט אין בעט.

ווען ער איז קראַנק געוואָרן, האָט די מאַמע זײַנע געזאָגט צו דער קעכין:

„קאָך מיר אָפּ אַ פֿײַנע, געשמאַקע קאַשקעלע, אַזוי, אַז מײַן זון זאָל עסן און געזונט ווערן".

האָט די קעכין גענומען די פֿײַנסטע גרויפּן, די פֿרישסטע פּוטער, די פֿעטסטע מילך און האָט געוואָלט אָפּקאָכן אַ קאַשע פֿאַרן בחור. האָט דאָס טראַנטע מיידל געזאָגט צו דער קעכין:

„ליבע קעכין, טײַערע קעכין, לאָזט מיך אָפּקאָכן די קאַשע פֿאַר דער באַלעבאָסטעס זון".

פֿריִער האָט די קעכין נישט געוואָלט הערן אָפּילו, אָבער אַז ראָזע איז צו איר צוגעשטאַנען, האָט זי איר אָפּגעגעבן די פֿײַנסטע גרויפּן, די פֿרישסטע פּוטער און די פֿעטסטע מילך. דאָס מיידל אין טראַנטעס האָט אָפּגעקאָכט די קאַשע, און ווען זי האָט אַרײַנגעלייגט די קאַשע אין טעלער, האָט זי אַהין אויך אַרײַנגעוואָרפֿן דאָס רינגל, וואָס דער בחור האָט איר געגעבן.

די קעכין האָט אַרויפֿגעטראָגן די קאַשקע צום בחור. דער קראַנקער בחור האָט פֿויל געמישט מיטן לעפֿל אין טעלער און האָט זיך נישט צוגערירט צום עסן. באַלד אָבער האָט ער דערזען דאָס דימענטענע רינגל. ער איז אויפֿגעשפּרונגען און האָט געזאָגט צו דער קעכין:

„ווער האָט אָפּגעקאָכט די קאַשע?"

„איך" — האָט געענטפערט די קעכין.

דער בחור האָט אַ קוק געטאָן אויף איר געקנייטשט פּנים ת
אירע גרויע, טרוקענע האָר און האָט געזאָגט:

„ניין, דו האָסט עס נישט געקאָכט. דערצייל מיר דעם אמת און איך וועל דיך נישט באַשטראָפן".

האָט די קעכין געזאָגט:

„דאָס מיידל אין טראַנטעס האָט אָפּגעקאָכט די קאַשע".

„שיק זי אַרויף צו מיר!"

דאָס מיידל אין טראַנטעס איז אַרויף צו אים אין צימער. דער בחור האָט זי אָנגעקוקט און זי נישט דערקענט. ער האָט אָבער געזען, אַז זי איז יונג, האָט ער צו איר געזאָגט:

„האָסטו אָפּגעקאָכט די קאַשע?"

„יאָ" — האָט דאָס מיידל געענטפערט.

„און ווו האָסטו גענומען דאָס רינגל, וואָס איך האָב געפונען אין טעלער?"

„איך האָב עס געקראָגן פון יענעם, וואָס האָט עס מיר געגעבן".

„ווער ביסטו?"

„דו ווילסט וויסן?"

„יאָ".

„וואַרט אַ פּאָר מינוט, ביז איך וועל צוריקקומען".

זי איז שנעל אַרויסגעלאָפן, האָט זיך איבערגעטאָן און איז אַרויפגעקומען צום בחור אַן אָפּגעוואַשענע, אַ פאַרקעמטע און אַן אויסגעפוצטע אין אירע רייַכע קליידער.

דער בחור איז באַלד געזונט געוואָרן און אַן לאַנגע וואַרטעניש האָט מען באַשטימט דעם טאָג פון דער חתונה.

***

די כלה האָט נישט דערציילט, ווער זי איז. דעם חתנס מאַמע האָט עס פאַרדראָסן, אָבער זי האָט געשוויגן. זי האָט מורא געהאַט, אַז איר

זון זאָל ווידער נישט קראַנק ווערן. זי האָט צוגעגרייט די חתונה. מען האָט איינגעלאַדן געסט פון נאָענט און וויַט. דאָס מיידל האָט אוועקגעשיקט אַן איינלאַדונג צו איר טאַטן.

דעם טאָג פאַר דער חופה איז ראָזע אַריַין אין קיך און האָט געזאָגט צו דער קעכין:

„איך וויל, אַז דו זאָלסט קאָכן פון שענסטן און בעסטן, אָבער אין קיינעם פון די געקעכצן זאָלסטו נישט אַריַינטאָן קיין זאַלץ".

די קעכין האָט געעפנט די אויגן מיט שרעק:

„באַלעבאָסטע לעבן, וואָס פאַר אַ טעם האָט געקעכץ אָן זאַלץ?"

ראָזע האָט געענטפערט:

„טו, ווי מ'הייסט דיר. ס'איז דאָך מיַין חתונה, נישט דיַינע".

האָט די קעכין געקוועטשט מיט די פּלייצעס און געפאָלגט.

די סאַרווערס האָט זי אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל נישט דערלאַנגען קיין זאַלץ־מעסטלעך אויף די טישן.

***

מ'האָט געשטעלט די חופה. די כלה האָט, ווי דער מינהג איז, פאַרדעקט איר פּנים מיט אַ שלייער. נאָך דער חופה האָט זי דעם שלייער נישט אויפגעהויבן. מ'האָט זיך אַרומגעזעצט אַרום טישן און מ'האָט דערלאַנגט דאָס ערשטע געריכט. די געסט האָבן פאַרזוכט פון טעלער און אוועקגעלייגט גאָפּל־מעסער. דאָס עסן האָט געהאַט אַ טעם פון גראָז. נאָכן פאַרשפּיַיז האָט מען דערלאַנגט די גאָלדענע יויך. די געסט האָבן פאַרזוכט מיט די לעפל און באַלד אוועקגעלייגט — אָן טעם, עס פעלט זאַלץ. מען האָט דערלאַנגט דאָס פלייש, אָבער נאָכן ערשטן ביסן האָט קיינער זיך נישט צוגערירט צום געבראָטנס. ראָזעס פאָטער, וואָס איז געזעסן נישט וויַט פון חתן, האָט זיך צעוויינט.

דער חתן האָט דערזען, ווי דער פרעמדער גאַסט גיסט מיט טרערן, האָט ער אים געפרעגט:

„וואָס וויינט איר אַזוי ביטער, פרעמדער?"

האָט דער כלהס פאָטער געזאָגט:

„ווי זאָל איך נישט וויינען, אַז איך האָב פאַרלוירן אַ טאָכטער

צוליב מײַן נאַרישן שכל. איצט זע איך, אַז זי איז געװען גערעכט. אָבער דעמאָלט האָב איך נישט פאַרשטאַנען, װי קלוג זי איז, און איך האָב זי פאַרלוירן".

„זי איז געשטאָרבן?"

„װער װייסט? אפשר יאָ. איך האָב זי אַרױסגעטריבן פון שטוב. איך האָב זי געפרעגט: „װי שטאַרק האָסטו מיך ליב, טאַכטער?", האָט זי מיר געענטפערט, „װי געקעכץ האָט ליב זאַלץ". בין איך אין כעס געװאָרן, איר אָנגעטאָן אַ זעקעלע זאַלץ אויפן האַלדז און זי אַרויסגעטריבן פון שטוב. איך האָב מער פון איר נישט געהערט און זי קיין מאָל מער נישט געזען. אפשר איז זי פאַרפרוירן געװאָרן, אפשר האָבן בײזע חיות זי פאַרצוקט, אפשר איז זי פון הונגער געשטאָרבן? װײ און װינד איז מיר! איך זע דאָך איצט, װי שטאַרק זי האָט מ ליב געהאַט. אָט שטייט דאָך דאָס גאַנצע עסן נישט אָנגערירט, װײַל ס'איז אָן זאַלץ".

און דער כלהס פאָטער האָט זיך צעװײנט אויפן קול. ראָזע האָט אָפּגעדעקט דעם שלייער פון איר פּנים, איז צוגעגאַנגען צו איר פאָטער און האָט געזאָגט:

„דערקענסטו מיך, טאַטע?"

ער האָט זי באַלד דערקענט. פרעגט שױן נישט, װאָס פאַר אַ פרייד ס'איז דאָרט געװאָרן! מ'האָט געפּראַװעט אַ צװייטע חופּה־װעטשערע, און אַלץ באַזאַלצן. מ'האָט געהוליעט און געטאַנצט — אפשר טאַנצן זײ נאָך איצט.



# צוויי נאַרישע מענער

## אַ סקאַנדינאַווישע מעשה

מאָל האָבן צוויי ווײַבער זיך אָנגעהויבן קריגן. זיי האָבן זיך געקריגט, וועמענס מאַן ס'איז אַ גרעסערער נאַר. פרוי נאַרטגריידזש האָט געזאָגט:

„מײַן מאַן איז דער גרעסטער נאַר אין דער וועלט. מ'קען אים אײַנריידן, אַז אַן אָקס האָט פליגל און אַ פליג האָט הערנער״.

פרוי גוטבראַנד האָט געזאָגט:

„ניין, מײַן מאַן איז דער גרעסטער נאַר אין דער וועלט. וואָס מען זאָגט אים, גלייבט ער. מען קען אים אײַנריידן, אַז מילך איז שוואַרץ און טינט איז ווײַס״.

האָבן די צוויי פרויען זיך געקריגט און געקריגט און יעדע איינע האָט געהאַלטן, אַז זי איז גערעכט. נאָך דעם, ווי זיי האָבן זיך גוט אָנגעקריגט, האָבן זיי אָפּגעמאַכט צווישן זיך, אַז דער מאַן, וואָס דאָס ווײַב וועט אים קענען אײַנריידן אָפּצוטאָן די נאַרישסטע זאַך אויף דער וועלט, איז דער גרעסטער נאַר.

⁂

אין אָוונט איז נאַרטגריידזש אַהיים געקומען פון פעלד. זײַן ווײַב האָט אויף אים אַ קוק געטאָן, אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט און האָט אויסגערופן:

„ווײ איז מיר, מאַן מײַנער! דו קוקסט דאָך אויס, אַז אַ שענערן פון דיר לייגט מען אין קבר אַרײַן. וואָס איז מיט דיר? וואָס טוט דיר וויי?"

האָט זיך אָפּגערופֿן דער מאַן און געזאָגט:

„ס'טוט מיר גאָר נישט וויי. איך בין געזונט און שטאַרק. אָבער ס'חלשט מיר דאָס האַרץ, איך וויל עסן".

ענטפֿערט דאָס ווײַב:

„עסן? דו ביסט דאָך בלייך, ווי לײַוונט. זאָג מיר דעם אמת, וואָס טוט דיר וויי?"



דער קלוגער מאַן האָט זיך אַ קראַץ געטאָן אין פּאַטילניצע און געזאָגט:

„כ'ווייס, ס'דוכט זיך מיר, אַז קיין זאַך טוט מיך נישט וויי, אָבער עס נאָגט מיך אונטערן לעפֿעלע אַ שרעק — איך וויל עסן".

ענטפֿערט דאָס ווײַבל כלומרשט צעטראָגן:

„עס נאָגט דיך אונטערן לעפֿעלע, האָ? דאָס האַרץ! ביסט דאָך טאַקע אויף אַן אמת קראַנק. טו אַ קוק אויף זיך אין אַ שפּיגל. אַ טויטער האָט אַ שענער פּנים. לייג זיך אין בעט, און טאַקע גלײַך!"

דאָס ווײַב האָט אים אויסגעטאָן און אים אַרײַנגעלייגט אין בעט. זי האָט אים געגעבן ווייניק עסן. „אַ קראַנקער פרעסט נישט" — האָט זי געזאָגט. זי האָט אים דערציילט, ווי שלאַף ער איז, ווי מסוכן קראַנק ער איז. אין צוויי טעג אַרום האָט זי אים געהייסן צונויפלייגן די הענט אויפן האַרצן, פאַרמאַכן די אויגן און אויסציִען די פיס. זי האָט צו אים געזאָגט:

„אוי, ווי איז מיר! דו ביסט געשטאָרבן, מײַן מאַן! דו ביסט טויט, ווי אַלע טויטע!"

זאָגט דער מאַן:

„געשטאָרבן איז געשטאָרבן. ס'איז גאָר נישט אַזוי שלעכט צו שטאַרבן. איך פיל זיך נישט ערגער, ווי אַלע מאָל. אָבער אויב איך בין געשטאָרבן, טו מיר מײַן רעכט".

דאָס ווײַב האָט אים אָנגעטאָן תכריכים און האָט אַרײַנגעבראַכט אַ טרונע. אָבער פריִער האָט זי אויסגעבויערט לעכער אין דעם טויטן־קאַסטן, אַזוי אַז דער מאַן זאָל נישט דערשטיקט ווערן. זי האָט אוועקגעשטעלט די טרונע אויפן דיל און האָט געהייסן איר מאַן זיך אַרײַנלייגן אינעווייניק, ווי אַ טויטער, מיט די פיס צו דער טיר. ס'פירט זיך אַזוי: מען לייגט אַ טויטן מיט די פיס צו דער טיר.

ער האָט געפאָלגט. דאָס ווײַב האָט פאַרמאַכט די טרונע און איז אוועק אײַנקויפן בראַנפן און געזאַלצענע פיש פאַר דעם באַגרעבעניש־מאָלצײַט. זי האָט אָנגעזאָגט די שכנים, אַז איר מאַן איז געשטאָרבן און האָט זיי אײַנגעלאַדן אויף דער וואַך־נאַכט. זי האָט זיי צוגעזאָגט גענוג בראַנפן און געזאַלצענע פיש און אויך אַ פײַן שטיקל פלייש.

**
*

אין אוונט איז אויך גוטבראַנד, ווי אַלע מאָל, געקומען אַהיים פון פעלד. ער איז אַרײַן אין שטוב און האָט דערזען, ווי זײַן ווײַב זיצט מיט צוויי אײַזערנע קאַמען און מאַכט מיט די הענט, גלײַך ווי זי קעמט וואָל.

קוקט דער מאַן זי אָן און זאָגט:

„איך האָב געזען, ווי מען שפּילט זיך מיט אַ שפּין־ראָד. אָבער קעמען די לופט מיט וואָל־קאַמען, דאָס איז נאַריש בײַ גאָר".

ענטפערט זי בייז:

„ביסט אליין א נאר, אן אפגעריסענער נאר, א פערד, אן אקס, א באק! איך בארשט נישט די לופט, וואל בארשט איך. אבער די וואל איז אזוי פיין, אזוי ווייס, אז דו זעסט זי נישט".

זי האט געענדיקט ריידן און ארויסגענומען דעם שפין־ראד און כלומרשט אנגעהויבן שפינען די וואל.

קוקט דער מאן זי אן און זאגט:

„דו זיצסט, מיין ווייב, און דרייסט מיטן רעדל גלאט אין דער וועלט אריין. עס זשומעט, עס טומלט, עס קלאפט — און גארנישט. געננג זיך נאריש געמאכט. איך בין הונגעריק".

ענטפערט דאס ווייבל:

„דו, מיין מאן, קויף זיך בעסער א פאר ברילן. וואס מיינסטו, איך בין משוגע? איך דריי דעם שפין־ראד גלאט אין דער וועלט ארײַן? דער אמת איז, אז די פעדים זיינען אזוי דין און אזוי פיין, אז דו מיט דיינע קורצזיכטיקע אויגן זעסט זיי נישט".

ענטפערט דער מאן:

„זינט ווען בין איך עס קורצזיכטיק?"

דאס ווייב ארבעט און רעדט:

- „דאס איז דער דאנק, וואס איך קריג פאר מיין הארעוועון? איך שפין דאך פאר דיר. איך וויל אויסשפינען די וואל, אויסוועבן פאר דיר פיינעם שטאף פאר אן אנצוג".

און אז זי איז פארטיק געווארן מיטן שפינען, האט זי ארויסגענומען דעם וועב־שטול, כלומרשט אריינגעצויגן פעדעם אין דער לענג, דערנאך אין „ „ ברייט. אריינגעשטעלט דאס וועב־שיפעלע און האט אנגעהויבן וועבן. זי האט געוועבט און גערעדט:

„דו זעסט שטאף? דו זעסט א געוואנט? ווייך, גלאט, וועסט האבן שוין איין מאל אן אנצוג!"

דער מאן האט געקוקט אויף זיין ווייב און אנגעהויבן טראכטן: „אפשר איז זי גערעכט", און אז זי האט געהאלטן אין איין לויבן דאס געוועב, האט ער געענטפערט:

„יא, יא, טאקע א פיינער מאטעריאל!"

זי האט אפגעשטעלט דעם וועב־שטול, כלומרשט אויסגעשפרייט

דאָס געוואַנט אויפן טיש, גענומען אַ שער און צוגעשניטן אַן אַנצוג. דערנאָך האָט זי גענייט און געפּרעסט. ענדלעך איז זי פֿאַרטיק געוואָרן. זי האָט כלומרשט אַרײַנגעהאָנגען דעם אַנצוג אין קליידער־אַלמער און געזאָגט:

„איצט, מײַן מאַן, האָסטו אַן אַנצוג איינעם אין דאָרף. די שכנים וועלן צעפּלאַצט ווערן פֿון קנאה, ווען זיי וועלן דיך אָנקוקן אין אַזאַ פײַנעם מלבוש".

„אָבער איך זע נאָך אַלץ גאָרנישט" — האָט דער מאַן געזאָגט.

האָט דאָס ווײַב געענטפֿערט:

„די דאָרפסלײַט האָבן בעסערע אויגן פֿון דיר. זיי וועלן שוין זען".

אין דעם פֿרימאָרגן, ווען פֿרוי נאַרטגרייַדזש האָט אָנגעזאָגט דעם דאָרף, אַז איר מאַן איז געשטאָרבן, האָט פֿרוי גוטבראַנד געזאָגט צו איר מאַן:

„מאַן מײַנער, טו אָן דײַן נײַעם אַנצוג און לאָמיר גיין צו אונדזער שכנס לויה".

דער מאַן האָט אויסגעטאָן זײַן אַלטן אַנצוג און דאָס ווײַב האָט אים געהאָלפֿן אָנטאָן דעם נײַעם גאַרניטער. זיי זײַנען אַוועק צו דער לויה.

*****

זיי זײַנען אָנגעקומען צו פֿרוי נאַרטגריידזש אין שטוב, ווען די וואָך־סעודה איז געווען אין רעכטן ברען. פֿרוי נאַרטגריידזש האָט אָנ־געגרייט בראָנפֿן מיט דער פֿולער האַנט און געזאַלצענע פֿיש איז געווען איבער גענוג. די פּויערים פֿון דאָרף זײַנען געווען גוט שיכורלעך און זיי האָבן זיך אויפֿגעפֿירט נישט ווי בײַ אַ לויה. זיי האָבן געשריגן, געזונגען און געלאַכט.

ווען די גוטבראַנדס זײַנען אַרײַנגעקומען און די פּויערים האָבן אַ קוק געטאָן אויף דעם נאַקעטן גוטבראַנדס גאַרניטער, וואָס איז אויפֿגענייט געוואָרן פֿון אַזאַ פֿײַנעם שטאָף, אַז מען זעט אים נישט, איז דער געלעכטער נאָך גרעסער געוואָרן. גוטבראַנד האָט זיך גע־מאַכט, גלײַך ווי אים אַרט עס נישט. ער האָט זיך צוגעשאַרט צום בראָנפֿן און גוט אַרײַנגעגאָסן.

באלד האט מען אויפגעהויבן די טרונע און מען האט גענומען זי טראגן אויפן בית-עולם. דער „טויטער" האט א קוק געטאן דורך די אויסגעבויערטע לעכער און דערזען דעם נאקעטן גוטבראנדן. ער האט זיך צעלאכט הויך אויפן קול.

מען האט באלד אראפגעלאזט מיט שרעק די טרונע. גוטבראנד האט זיך אנגערופן צום טויטן שכן:

„נארטגריידזש, דו ביסט דאך טויט און א טויטער לאכט נישט!"

האט נארטגריידזש געענטפערט:

„יא טויט, נישט טויט, אבער ווען איך האב דיך, שכן מײַנער, דערזען א נאקעטן, האב איך זיך נישט געקאנט אײַנהאלטן און כ'האב זיך צעלאכט".

האט גוטבראנד געזאגט:

„גו, מילא, איך בין נאקעט. מײַן ווײַב האט מיר אויפגענייט א נײַע[illegible] פון אזא פײַנעם שטאף, אז מען זעט אים נישט. האב איך זיך געלאזט אײַנריידן. אבער זאג מיר ־אר, טײַערער שכן מײַנער, ווי קומסטו א לעבעדיקער אין א טויטן־קאסטן?"

האט נארטגריידזש געענטפערט:

„מײַן ווײַב האט מיר אײַנגערעדט, אז איך בין געשטארבן. איך גלייב, אז זי האט מיך אויך אפגענארט. ווארט א ווײַלע. אט וועל איך ארויסקריכן פון דער טרונע".

די האלב-שיכורע פויערים האבן דערהערט, אז דער טויטער וויל ארויסקריכן פון דער טרונע, זײַנען זיי זיך צעלאפן פאר שרעק.

נארטגריידזש איז ארויס פון טרונע און האט געזאגט צו זײַן שכן:

„קיינער, חוץ אונדזערע ווײַבער, איז דא נישט געבליבן. דו זעסט, אט שטייען אין א ווינקל צוויי פײַיַן בעריאזענע דרענגלעך. קום, לאמיר איין מאל אין אונדזער לעבן אפטאן א קלוגע זאך".

קיינער, חוץ די צוויי ווײַבער, איז נישט געווען דערבײַ. וואס פאר א קלוגע זאך די צוויי מענער האבן אפגעטאן, האבן די צוויי פרויען נישט דערציילט. מיר ווָאלטן געפרעגט די צוויי בעריאזענע דרענגלעך, אבער... בעריאזענע דרענגלעך קענען נישט ריידן.

# צוויי מיידן און אויבן אַ שטיבל

### אַ ניו־יאָרקער מעשה:


ויף די ברייטע פעלדער פון לאָנג איילאַנד איז געשטאַנען אַן אַלטע פאַרם. אַפּגעלאָזענע, גרויסע שטאַלן, נישט געפאַרבטע לאַנגע שפּייכלערס, אַ האַלב־אײַנגעפאַלענער גאַראַזש. פון צווישן די גרינע ביימער האָט אַרויסגעבלאַנקט אַ שיין, קליין שטיבעלע, געפאַרבט ווײַס. אין שטיבעלע האָט געוווינט אַן אַלטער פאַרמער.

אַמאָל, אַמאָל, ווען ער איז נאָך געווען יונג און זײַן פרוי האָט געלעבט און זײַן פאַמיליע איז געווען גרויס, האָט ער געוווינט אין דער גרויסער שטוב, וואָס איז געשטאַנען האַרט בײַ מעריק ראָוד, דער אויסגעפלאַסטערטער וועג, וואָס שנײַדט דורך גאַנץ לאָנג איילאַנד. אָבער דעם פאַרמערס פרוי איז שוין לאַנג געשטאָרבן. זייַנע קינדער זײַנען זיך צעפאָרן. דער אַלטער פאַרמער איז געבליבן אַליין. האָט ער זיך אַריבערגעקליבן אין דעם קליינעם שטיבעלע.

אין יאָר נײַנצן הונדערט א[illegible] האָט די שטאָט דורכגעפירט אַן אונטערערדישע באַן אין יענער געגענט און אַ סך מענטשן האָבן אָנגעהויבן זיך דאָרט צו באַזעצן.

אין אַ שיינעם פרימאָרגן זײַנען צום פאַרמער געקומען צוויי מענטשן און האָבן געזאָגט צו אים:

„פאַרקויף אונדז דײַן פאַרם".

האָט דער פאַרמער געענטפערט און געזאָגט:

צו וואָס דאַרפט איר מײַן פאַרם? דער באָדן איז נישט קיין גוטער,

קיין ווייץ און קיין קארן קענען אויף אים נישט וואקסן. דא איז לאנג איילאנד. מײַן ערד איז זאמדיק און איז גוט נאר צו פארזייען קארטאפל און אוגערקעס. ווי שווער איר וועט נישט ארבעטן, וועט די ערד נישט געבן גענוג פאר צווייען. ווען איך וואלט נישט אפגעשפארט פון מײַנע יונגע יארן און ווען מײַנע קינדער וואלטן מיר נישט ארויסגעהאלפן, וואלט איך..."

האבן די צוויי מענטשן אים איבערגעשלאגן אין מיטן ריידן און געזאגט:

„וואס פאלט דיר איין, אלטער? מיר וועלן נישט באארבעטן די ערד. מיר זײַנען בויער פון הייזער. אז דו וועסט אונדז פארקויפן דײַן פארם, וועלן מיר אלע דײַנע געבײַדעס אראפּוואַרפן און אויסבויען אט דא, הארט בײַ מעריק ראוד, א גרויסע מויער, א מויער אויף א מויער, פופצן שטאק די הויך. ברייט וועט די מויער זײַן, ווי צוויי מויערן, ווײַל מיר וועלן בויען א דירות-הויז מיט צוויי פליגלען. אין מיטן פון די צוויי פליגלען וועלן מיר מאכן א הויף. אין הויף וועלן מיר פארפלאנצן בלומען און אין מיטן הויף וועט שפריצן א פאנטאן. עס וועט זײַן א געהויבן דירות-הויז, וואס וועט ארײַננעמען צוויי הונדערט פאמיליעס".

הערט דער פארמער אוים די צוויי מענטשן, רײַסט ארוים א גרעזל און קײַט עס מיט זײַנע געזונטע ציין. דערנאך טוט ער א פרעג:

„און ווו וועל איך וווינען?"

זאגן די צוויי בויערס:

„וואס הייסט, נארישער פארמער, ווו דו וועסט וווינען? ווו דו ווילסט. פאר דעם באדן פון דײַן פארם וועלן מיר דיר גוט באצאלן. אז מ'האט געלט, קען מען דינגען א וווינונג, ווו מען וויל. ווייסטו וואס? אט וועלן מיר דיר פארדינגען א דירה אין דעם הויז. קלײַב דיר אוים. ווילסטו וווינען אין לינקן פליגל, איז רעכט. ווילסטו א דירה אין רעכטן פליגל, זאל זײַן אין רעכטן. אפשר געפעלט דיר צו וווינען אויפן פופצנטן שטאק? אונדז ארט נישט. אפשר האסטו נישט ליב צו פארן מיטן ליפט? נעם דיר א דירה אויפן ערשטן שטאק".

ענטפערט דער פארמער געלאסן:

„איר רעדט פלינק, פרעמדע, אט גלײַך ווי איר וואלט שוין געהאט

די מויער אַ פּאַרטיקע. כאַפּט נישט. איר בויט נאָך נישט. איך פאַרקויף נישט מײַן פֿאַרם".

פרעגן די שטאָטישע:

„אפשר ווילסטו אַ העכערן פּרײַז? רעד, מיר וועלן דורכקומען".

ענטפערט דער פאַרמער:

„ניין, איך פאַרקויף נישט פאַר קיין שום פּרײַז".

וווּנדערן זיך די שטאָטישע:

„פאַרוואָס?"

ענטפערט דער פאַרמער:

„איך האָב פײַנט צו וווינען אין אַ מויער. איך האָב ליב צו וווינען אין אַן איין שטאָקיק הויז, אַליין. אַרום אַ הויז דאַרפן זײַן ביימער און בלומען. אויף דער ערד דאַרף וואַקסן גראָז. עס געפעלט מיר נישט, אַז מען דעקט צו די ערד מיט אַספאַלט".

רופן זיך אָן די שטאָטישע:

„ס'איז באמת טשיקאַווע, פאַרוואָס אַ מענטש וויל נישט פאַרקויפן זײַן פֿאַרם. נו, ווערסטו נישט וווינען אין מויער. געלט וועסטו האָבן גענוג. וועסטו אָפּקויפן אַ פאַרם־שטיבל ערגעץ אין לאָנג איילאַנד און דאָרט אויסלעבן דײַנע יאָרן".

זאָגט דער פאַרמער ברוגז:

„דולט מיר נישט קיין קאָפּ. איך וועל זיך אין ערגעץ נישט אַרויס־קלײַבן. איך האָב ליב דאָ צו וווינען. איך לעב שוין דאָ אויף דער פאַרם זײַן און זעכציק יאָר און דאָ וועל איך שטאַרבן".

צעלאַכן זיך די שטאָטישע:

„וואָס רעדסטו נאַרישקייטן וועגן שטאַרבן? און אַז מען שטאַרבט, איז דען אַן אונטערשייד, ווו מען שטאַרבט? פאַרקויף די פֿאַרם. געלט וועסטו האָבן גענוג און אַז מ'האָט געלט, טוט מען, וואָס דאָס האַרץ גלוסט".

ענטפערט דער פאַרמער:

„געלט איז נישט אַלץ. איך גלוסט אויסצולעבן מײַנע יאָרן אָט דאָ, אין דעם ווײַס געפאַרבטן שטיבעלע".

זאָגן די שטאָטישע בייז:

„דו ביסט אַן אַלטער עקשן".

ענטפערט דער פאַרמער:

„נו, בין איך".

זאָגן זיי:

„מיר וועלן אויפזוכן דיינע זין און זיי דערציילן, אַז דו ביסט אַן עקשן, אַ נאַר".

זאָגט דער פאַרמער:

„טוט, וואָס איר ווילט. איצט אָבער לאָזט מיך צורו און טראָגט זיך אָפּ פון דאַנען. אויב איר פאַרלאָזט נישט גלייך מיין פאַרם, כאַפּ איך מיין יאַגד־ביקס".

***

זיינען געקומען די צוויי בויערס צוריק אין שטאָט צו זיך אין ביוראָ. זיי האָבן נישט געוווּסט, וואָס צו טאָן. אויפן וועג האָבן זיי גערעדט וועגן פאַרמער. אין ביוראָ האָבן זיי גערעדט וועגן פאַרמער. זיי האָבן זיך אָבער צו קיין זאַך נישט געקענט דעררייידן און האָבן קיין מיטל נישט געקענט צוטראַכטן.

זיינען זיי געזעסן טרויעריקע און פאַרזאָרגטע. אָט האָבן זיי גע־פּלאַנעוועט אויפצובויען אַ גרויס דירות־הויז אין לאָנג איילאַנד און אַ נאַרישער פאַרמער האָט צעשטערט זייערע פּלענער.

מיט אַ מאָל האָט זיך געעפנט די טיר און דער אַרכיטעקט, וואָס האָט געמאַכט די פּלענער פאַר דער מויער, איז אַריינגעקומען אין ביוראָ.

דער אַרכיטעקט האָט אַ קוק געטאָן אויף זיינע באַלעבאַטימס זוי־ערע פּנימער און האָט געזאָגט:

„וואָס עפּעס אַזוי פאַרזאָרגט און פאַראומערט?"

ענטפערן זיי:

„ס'איז שלעכט און ביטער. מיר האָבן געמיינט, אַז מיר וועלן אויסבויען אַ מויער אין לאָנג איילאַנד, אַז גאָט און מענטשן וועלן אונדז מקנא זיין, אָבער מיר קענען עס נישט טאָן".

זאָגט דער אַרכיטעקט:

„פאַרוואָס קענט איר עס נישט טאָן? געלט האָט איר, פּלענער האָב איך אויסגעאַרבעט, ציגל זיינען דאָ גענוג אין אַמעריקע, אַרבע־

טער פעלן אויך נישט, און מענטשן, וואָס ווילן_וווינען אין לאַנג איי־לאַנד, ווײַט פון טומל און הו־האַ פון דער שטאָט, זײַנען פאַראַן אַ סך. איז וועד לאָזט אײַך נישט בויען?"

דערציילן זיי אים די מעשה מיטן פאַרמער. דער פאַרמער לאָזט נישט.

זאָגט דער אַרכיטעקט:

„דאָס גאָר? קויפט מיר אַ נײַעם שניפּס, רעד איך איבער דעם פאַרמער".



האָבן ביידע בויערס אויסגעשאָסן:

„מיר וועלן דיר קויפן אַ שיינעם שניפּס און אַ פײַנעם אַנצוג דערצו. מיר וועלן דיר נאָך צוגעבן אַ נײַע פּאָר שיך און זאָקן און דיר קויפן אַ זײַדן טיכעלע פאַר דער אייבערשטער קעשענע".

זאָגט דער אַרכיטעקט:

„גוט, אָפּגעמאַכט, איך פאָר שוין אַריבער קײן לאַנג איילאַנד".

**
*

דער אַרכיטעקט איז אַנגעקומען אויף דער פאַרם און האָט זיך צערעדט מיטן פאַרמער. דער אַלטער האָט געפּיפּקעט זײַן ליולקע און זיך געהאַלטן בײַ זײַנס.

„אויף דער פאַרם און אין דעם שטיבל האָב איך אָפּגעלעבט נײַן און זעכציק יאָר, און אין דעם שטיבל וויל איך שטאַרבן".

האָט געזאָגט דער אַרכיטעקט:

„ווייסטו וואָס, אַלטער? איך גיב נאָך. איך שרײַב אַרײַן אין קאָנטראַקט, אַז דו בלײַבסט וווינען אין דײַן שטיבל אויף דײַן פאַרם".

ענטפערט דער פאַרמער:

„נו, גוט!"

האָט דער אַרכיטעקט געזאָגט:

„מאָרגן קום איך מיטן קאָנטראַקט און ברענג דאָס געלט".

***

דער אַרכיטעקט איז געקומען צו זײַנע באַלעבאַטים און האָט צו זיי געזאָגט:

„איר מעגט מיר שוין קויפן דעם שניפּס, דעם אַנצוג, די שיך און זאָקן,, און פאַרגעסט טאַקע נישט דאָס זײַדענע טיכעלע פאַר דער אייבערשטער קעשענע. איך האָב איבערגערעדט דעם פאַרמער. אָט איז דער קאָנטראַקט, וואָס ער איז גרייט אונטערצושרײַבן".

האָבן זיי איבערגעלייענט דעם קאָנטראַקט און זיי זײַנען ביידע אויפגעשפּרונגען און האָבן אויסגעשריגן:

„דו ווילסט דאָך אונדז קוילענען אָן אַ מעסער! דו ווילסט דאָך אונדז אומגליקלעך מאַכן!"

האָט זיך דער אַרכיטעקט צעלאַכט און געזאָגט:

„שרײַט נישט! ליאַרעמט נישט! שרײַבט אונטער!"

ווילן זיי נישט און דער אַרכיטעקט מוז זיי דערציילן זײַן פּלאַן. ווען זיי האָבן אים אויסגעהערט, האָבן זיי גלײַך אונטערגעשריבן.

***

אויף מאָרגן האָט דער אַרכיטעקט געבראַכט דעם קאָנטראַקט און דאָס געלט צום פּאַרמער. דער אַלטער האָט אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט און האָט געלאַכט צו זיך:

„קלוגע שטאָטלײַט און דאָך האָב איך זײ אָפּגענאַרט. װי װעלן זײ בויען די מויער, אַז איך בלײַב װוינען אין מײַן שטיבל אויף מײַן פּאַרם?"

אָבער דער פּאַרמער האָט געטראַכט און דער אַרכיטעקט האָט געלאַכט. ער האָט זיך אַ נעם געטאָן צו דער אַרבעט. ער האָט פריִער אויסגעגראָבן דעם פונדאַמענט פאַר דער הויכער מויער, וואָס וועט האָבן צוויי פליגלען. דערנאָך האָט ער זיך געשטעלט בויען. דאָס שטיבעלע האָט ער נישט אָנגערירט. די ציגל־אַרבעטער האָבן אויפגעשטעלט ווענט, געלאָזט אָרט פאַר פענצטער, טירן. איידער מ'האָט זיך אַרומגעקוקט, איז די מויער געווען פאַרטיק. דאָס שטיבעלע איז געשטאַנען אויף זײַן אָרט, אָט גלײַך בײַם אַרײַנגאַנג פון הויף, צווישן די צוויי פליגלען פון מויער.

אַז דער אַרכיטעקט איז פאַרטיק געוואָרן מיט דעם הויז, האָט ער געבראַכט אַ הייב־מאַשין און איינס־צוויי אַרויפגעשלעפּט דאָס שטיבעלע, אָט ווי עס שטייט און גייט, גלײַך אויפן דאַך פון מויער. איידער ער האָט אַרויפגעשלעפּט דאָס שטיבעלע, האָט ער אויסגעבויט אַ פּלאַטפאָרמע צווישן די צוויי פליגלען פון מויער און דאָרטן אַוועקגעשטעלט דאָס ווײַס־געפאַרבט שטיבעלע. דער קלוגער אַרכיטעקט האָט די פּלאַטפאָרמע צוגעדעקט מיט ערד, טאַקע גענומען פון אונטן, וווּ דעם פּאַרמערס שטיבל איז געשטאַנען. אויף דער אָנגעשאָטענער ערד האָט ער פאַרפלאַנצט בלומען, גראָז און אַפילו אַרײַנגעזעצט צען קוסטעס מיט נידעריקע ביימלעך.

פאַרטיק געוואָרן, האָט דער אַרכיטעקט געזאָגט צום אַלטן:

„אָט האָסטו דײַן שטיבל, אַפילו מיט דער ערד, וואָס אויף איר איז דאָס שטיבל געשטאַנען. לעב דיר דאָרט אויס דײַנע יאָרן".

דעם פּאַרמער איז געפעלן געוואָרן דער אײַנפאַל און ער האָט געזאָגט:

„דו־האָסט געהאַלטן וואָרט, אַרכיטעקט, דאָס שטיבל שטייט טאַקע אויף מײַן פּאַרם. ס'איז אויפן זעלביקן אָרט, נאָר אַ ביסל העכער".

***

די מעשׂה מיט דעם שטיבל האָט זיך צעטראָגן איבער גאַנץ ניו־יאָרק. פון אַלע עקן שטאָט איז מען געקומען אויף חידושים. ס'איז געוואָרן אַ מאָדע אין אַמעריקע צו בויען אַזעלכע איין שטאָקיקע שטיבלעך אויף די דעכער פון די גרויסע הויכע מויערן. אַזאַ שטיבל רופט מען „פּענט האַוז". מען פאַרדינגט זיי נאָר צו רײַכע לײַט, צו מיליאָנערן. דאָס דירה־געלט פאַר אַזאַ שטיבל איז זייער טײַער, ווײַל ס'איז גוט צו וווינען אין אַ פּענט האַוז, הויך אויף דעם פלאַכן דאַך פון אַ מויער. די לופט איז ריין. דאָס גראָז, די בלומען און די ביימלעך שמעקן גוט. ס'איז דאָרט אַלע מאָל שטיל. דער טומל פון דער גרויסער שטאָט קען אַהין נישט דערגרייכן.

אין אַמעריקע זײַנען פאַראַן אַ סך אַזעלכע „פּענט האַוזעס", אָבער קיינער ווייסט נישט, אַז די שטיבלעך זײַנען אַרײַן אין דער מאָדע, ווײַל אין לאָנג איילאַנד האָט זיך געפונען אַ פאַרעקשנטער פאַרמער און אין ניו־יאָרק האָט זיך געפונען אַן אַרכיטעקט, וואָס האָט געהאַט אַ קאָפּ אויף די פּלייצעס.



# טאָרבעס מיט לייוונט

## אַ יידישע פאָלקס-מעשה געהערט אין דער יוגנט



מאָל, אַמאָל האָט געלעבט אַ קייסער, וואָס האָט געוועלטיקט אין הונדערט און דרײַ-און-צוואַנציק מדינות (לענדער). ער האָט געפירט גרויסע מלחמות מיט אַלע זײַנע שכנים און ער האָט זיי אַלע מאָל אײַנגענומען, באַזיגט. פון די נצחונות איז ער רײַכער און שטאַרקער געוואָרן. גלײַך ווי ער איז געוואָרן קעניג, איז ער געוואָרן אַ גרויסער בעל-גאווה, אַ גרוים-האַלטער, און וואָס רײַכער און שטאַרקער ער איז געוואָרן, אַלץ מער האָט זיך אין אים צעשפּילט די גאווה.

„איך קען אויספירן אַלץ, וואָס איך וויל" — פלעגט ער זיך באַרימען — אַמאָל איז געווען אַ נאַרישער קעניג, וואָס האָט געוואָלט אָפּשטעלן די כוואַליעס פון ים. האָט ער זיי באַפוילן אויפצוהערן שטורעמען און נישט צוצוקומען צום ברעג פון זײַן מלוכה. די כוואַליעס האָבן אים נישט געפאָלגט און ער האָט באַפוילן זיי צו שמײַסן. ס'האָט אים געהאָלפן, ווי אַ דאָקטער העלפט אַ טויטן. איך אָבער וועל אָפּשטופּן דעם ים פון מײַן הויפּטשטאָט אויף אַ גאַנצער מייל". און דער מעכטיקער קעניג האָט עס טאַקע אויסגעפירט.

ער האָט צונויפגעטריבן הונדערטער טויזנטער קנעכט צום ים. זיי האָבן געשלעפּט זעק מיט זאַמד אויף זייערע פּלייצעס און פאַרשאָטן אַ שטיק פון ים. כדי די כוואַליעס זאָלן נישט אַראָפּשווענקען דאָס זאַמד, האָט ער געמאַכט דעם ברעג הויך און האָט אים פאַרלייגט מיט שטיינער. ער האָט טאַקע אָפּגעשטופּט דעם ים אויף אַ מײַל ווײַט.

דער קייסער איז ביי זיך געוואָרן נאָך גרעסער און שטאַרקער. דער נאַרישער בעל־גאווה האָט מער מלחמות געפירט, מער בלוט פאַרגאָסן, מער לענדער פאַרוויסט און איז געוואָרן מער און מער באַרימט. אַלע האָבן פאַר אים מורא געהאַט, אָבער ווייניק מענטשן האָבן אים ליב געהאַט.

ער האָט זיך אַזוי איינגעוווינט בלוט צו פאַרגיסן און שיסן, אַז ווען קיין מלחמות זײַנען נישט געווען, פלעגט ער גיין אויף יאַגד און שיסן חיות און פייגל. נאָך אַ יאַגד יאַגענישן פלעגט ער מאַכן הוליאַנקעס און מען האָט געפרעסן, געזויפט און זיך אָנגעשיכורט. שיכורע פלעגן די אָפיצירן און די מיניסטאָרן אַרויסרופן איינער דעם אַנדערן אויף דועלן און מען־האָט ווידער געשאָסן.

די אַדלליַיט און דער קייסער האָבן געפירט מלחמות, געגאַנגען אויף יאַגד, געדועלירט, און דאָס פאָלק האָט געליטן. ס'האָט געדאַרפט צושטעלן סאָלדאַטן און צאָלן הויכע צינזן. האָט דאָס פאָלק געקרעכצט אונטערן שווערן יאָך און הילפלאָז געשוויגן.

איין מאָל איז דער קייסער מיט זײַן גאַנצער סוויטע געגאַנגען אויף יאַגד אויף הירשן. ער האָט דערזען אַ וואונדערלעך שיינעם הירש צווישן די ביימער.

„ער איז מײַנער!" — האָט דער קייסער הויך אויסגערופן — „קיינער זאָל אויף אים נישט שיסן!"

דער קייסער האָט אויסגעשאָסן און נישט געטראָפן. דעם קייסער, דעם גרויסן בעל־גאווה, האָט עס פאַרדראָסן. ער, דער בעסטער שיסער, זאָל נישט טרעפן דעם הירש! ער האָט באַפוילן אַלעמען צו בלײַבן שטיין און האָט זיך אַליין אַ יאָג געטאָן נאָכן הירש.

דער הירש איז געלאָפן און דער קייסער נאָך אים. אַ מאָדנע פאַרבלענדעניש! אָט איז דער הירש עטלעכע שפאַן פון אים און ער שיסט און טרעפט אים נישט. אַ גאַנצן טאָג האָט דער קייסער זיך געיאָגט נאָכן הירש; די זון האָט זיך גענומען זעצן. דער הירש לויפט און דער מלך נאָך אים. פלוצעם איז דער הירש פאַרשוווּנדן. דער קייסער האָט זיך אַרומגעקוקט. די זון איז שוין פאַרגאַנגען און ער איז איינער אַליין אין אַ געדיכטן וואַלד. ער האָט פאַרבלאָנדזשעט.

ער האָט אַ קלאַפּ געטאָן דאָס פערד מיט זײַנע שפּאָרן, דאָס פערד

האָט זיך אַ יאָג געטאָן אין גאַלאָפּ און איז פאַרקראָכן טיפער און טיפער אין וואַלד. עס איז אַרײַן צווישן די פאַרפלאָנטערטע, געדיכטע ביימער.

ס׳איז געוואָרן שטאָק פינצטער און דאָס פערד האָט ווײַטער גאַלאָפּירט מיט דעם פאַרלוירענעם קייסער. פלוצעם האָט זיך דאָס פערד פאַרטשעפּעט אין אַ שטאָם פון אַן אָפּגעבראָכענעם בוים, איז אומגעפאַלן און האָט זיך צעבראָכן אַ פוס.

דער קעניג האָט געמוזט גיין צופוס זוכן דעם וועג. ער האָט גע־בלאָנדזשעט אין דער פינצטער, געזוכט, זאָל זײַן אַ שטעגעלע, וואָס זאָל אים אַרויספירן פון דעם ווילד־וואַלד. זײַנע קליידער האָבן זיך צעריסן. דאָס פּנים, די הענט און פיס זײַנען צעשטאָכן געוואָרן פון די שאַרפע דערנער און ער איז אַלץ געגאַנגען, אַ מידער, אַ דערשראָקע־נער, טיפער און טיפער אין וואַלד.

מיט אַ מאָל האָט ער דערזען אַ פײַערל צווישן די ביימער. ער האָט זיך אַזש צעוויינט פאַר פרייד. ער האָט זיך אָפּגעשטעלט, אָפּגע־כאַפּט דעם אָטעם און איז נאָכגעגאַנגען דאָס פײַערל. ער איז צוגעקו־מען צו אַ קליין שטיבל, צונויפגעוואָרפן פון ברעווענעס און צוגעדעקט מיט צווײַגן. ער האָט אין דער פינצטער אָפּגעזוכט די טיר און אָנ־געקלאַפּט.

פון שטיבל איז אַרויסגעקומען אַן אַלטער, גרויער מאַן. ווען ער האָט דערזען דעם אָפּגעריסענעם, צעבלוטיקטן, מידן, אין בלאַטע פאַר־שמירטן מענטשן האָט דער אַלטער ברייט געעפנט די טיר און געזאָגט:

„קום אַרײַן, דו פאַרבלאָנדזשעטער. מײַן שטיבל שטייט גרייט פאַר דיר. אמת, קיין פענצטער האָט נישט דאָס שטיבל, נאָר צוויי לעכער פאַר לופט. קיין געהויבענע מעבל פאַרמאָג איך נישט, אָבער אַ ווייכער געלעגער איז גרייט פאַר דיר און אייער, ברויט און גע־טריקנטע פײַגן האָב איך. קום, לייג זיך אַוועק אויפן געלעגער. איך וועל דיך אָרומוואַשן, פאַרבינדן דײַנע ווונדן און צוגרייטן עסן פאַר דיר".

דער בעל־גאווהניק, דער מלך, האָט זיך אַוועקגעשטעלט, זיך אויס־געצויגן ווי גרויס ער איז געווען און געזאָגט:

„ווייסטו, ווער עס שטייט פאַר דיר?"

דער אַלטער האָט אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

„וואָס איז דער חילוק און וואָס איז וויכטיק, ווער דו ביסט? עס שטייט פאַר מיר אַ מענטש אַ הונגעריקער, אַ פאַרבלוטיקטער און אַ מידער. בין איך מחויב אים צו העלפן. קום אַרײַן, פרעמדער, שטיי נישט בײַ דער טיר!"

„אָבער איך וויל, אַז דו זאָלסט וויסן, אַז ס'שטייט פאַר דיר דער אַלמעכטיקער קעניג זיגקריג, וואָס האָט אָפּגעשטויסן דעם ים אויף אַ מײַל ווײַט. בוק זיך פאַר מיר!"

דער אַלטער האָט אַ זיפץ געטאָן:

„דו ביסט אַ נאַר, גרויסער קעניג! דו ביסט אַלמעכטיק, ווען עס רינגלען דיך אַרום דײַנע שררות און דײַנע זעלנער. איצט ביסטו מיד, פאַרבלוטיקט און הונגעריק. קום אַרײַן. דו דאַרפסט מײַן הילף. לאָז מיך דיך אַרומוואַשן, פאַרבינדן דײַנע ווונדן און לאָז דײַן גאווה צורו!"

„איך קען דיך טייטן פאַר דײַן חוצפּה! זעסט, איך האָב פײַל און בויגן" — האָט דער קעניג געשטורעמט.

„אוודאי קענסטו מיך דערשיסן" — האָט דער אַלטער גזיר גע־ענטפערט — „האָסט פײַל און בויגן. אָבער דו ביסט גאָר נישט אַזאַ נאַר. ווייסטו מיך דערשיסן, ביסטו אַ פאַרפאַלענער. מײַן שטיבל איז טיף אין ווילד־וואַלד, אַ טאָג גאַנג פון וועג. אויב איך וועל דיך נישט אַרויספירן פון דאַנען, וועסטו קיין מאָל נישט געפינען דעם וועג אויף צוריק. וועסטו דאָ בלײַבן, וועלן דיך אָדער ווילדע חיות פאַרצוקן, אָדער וועסט שטאַרבן פון הונגער. דו קום אַרײַן, לייג זיך אויף מײַן געלעגער. איך וועל דײַנע ווונדן אַרומוואַשן און פאַרבינדן און איך וועל דיר עסן געבן. דו וועסט זיך אויסרוען, אויסשלאָפן, און אין דער פרי וועל איך דיך אַרויספירן אויפן שליאַך. דאָרטן וואַרטן אויף דיר מסתמא דײַנע באַדינער, מיניסטאָרן, גענעראַלן און זעלנער. מאָרגן וועלן מיר אָנקומען אַהין, איידער די זון וועט פאַרגיין. מסתמא זוכן זיי דיך".

דער קייסער האָט שווײַגנדיק אויסגעפאָלגט, וואָס דער אַלטער האָט אים געהייסן. בוקן האָט זיך דער אַלטער נישט געבוקט פאַרן קעניג.

***

אין דער פרי האָט דער אַלטער אַרויסגעפירט דעם קעניג פון וואַלד. איידער זיי זײַנען צוגעקומען צום שליאַך, האָבן זיי דערזען, אַז דער גאַנצער וואַלד איז פאַרפלײַצט מיט זעלנער, פוס־גייער און רײַטער. מיט די פראָסטע סאָלדאַטן זײַנען געווען אָפיצירן, גענעראַלן, מאַר־שאַלן, מיניסטאָרן און סענאַטאָרן. אַלע האָבן אַרומגעזוכט דעם פאַר־בלאָנדזשעטן קעניג. ווען זיי האָבן דערזען דעם אַלטן נזיר, וואָס פירט אַ מאַן אין צעריסענע קליידער האָבן זיי אים געוואָלט פרעגן, צי ער האָט אָנגעטראָפן דעם קעניג. אָבער ווען זיי זײַנען צוגעקומען נענטער, האָבן זיי דערקענט דעם מלך.

עס איז געוואָרן אַ געלאַף, אַ טומל, אַ פײַפעריי און אַ טרובערײַ. באַלד זײַנען זיך צונויפגעלאָפן אַלע געהויבענע.לײַט פון קיניגלעכן הויף. די מיניסטאָרן האָבן אַראָפּגענומען די היטלען, די סענאַטאָרן האָבן זיך טיף פאַרנייגט, די גענעראַלן האָבן סאַלוטירט, די סאָלדאַטן זײַנען געשטאַנען אויסגעצויגן ווי סטרונעס און דאָס פּשוטע פאָלק איז גע־פאַלן אויף די קני. נאָר דער אַלטער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט מיט דער פּלייצע אָן אַ בוים, געקוקט אויף דעם גאַנצן טומל, געשלעפּט טרו־קענע פײַגן פון זײַן טאָרבע, געקײַט און האָט אונטערגעשמייכלט.

דער קעניג האָט זיך אַ קער געטאָן צום נזיר און געזאָגט:

„זעסטו, ·אַלטער, ווי אַלמעכטיק איך בין? מײַנס אַ וואָרט איז געזעץ. באמת דאַרף איך דיך באַשטראָפן, פאַרוואָס דו האָסט נעכטן אָפּגעלאַכט פון מיר. איך קען דיך אויפהענגען, אָדער אויב נישט הענ־גען, איז לכל הפחות דיר אַרײַנצימבלען אַ הונדערט שמיץ. אָבער דו האָסט די וווּנדן מיר אַרומגעוואַשן, זיי פאַרבונדן, געגעבן עסן, מיר אָפּגעגעבן דײַן אייגענעם געלעגער און האָסט מיך אַרויסגעפירט פון וואַלד. פאַרגיב איך דיר די שאַרפע רייד, וואָס דו האָסט גערעדט צו מיר. אָבער איצט זעסטו דאָך, אַז דו האָסט געראַטעוועט דעם גרעסטן און וויכטיקסטן מענטשן אויף דער וועלט״.

דער אַלטער האָט נישט געענטפערט. ער האָט אַלץ געשלעפּט טרוקענע פײַגן פון זײַן טאָרבע און געקײַט שווײַגנדיק.

„איך זע״ — האָט דער קעניג ווײַטער גערעדט — „אַז דו עסט טרוקענע פײַגן. אויך אַ מאכל! אָבער מסתמא קאָנסטו זיך נישט העלפן. ביסט אָרעם, קאָנסטו זיך קײַן בעסערע עסנס נישט פאַרגינען. הער,

איך וועל דיך רייַך מאַכן, דו וועסט קענען עסן, וואָס דו וועסט וועלן און טרינקען, וואָס דייַן האַרץ וועט גלוסטן".

דער אַלטער נזיר האָט אַ שמייכל געטאָן:

„געכטן האָסטו טרוקן ברויט געגעסן און פאַרביסן מיט טרוקענע פייַגן, און ביידע האָבן געהאַט אַ גוטן טעם. ס'איז גאָר נישט קיין שלעכטער מאכל".

„אַן אמת" — האָט געענטפערט דער קעניג געדולדיק — „אין אַן עת-צרה, אין אַ נויט, איז דאָס אויך אַן עסן. אָבער איז דייַן לעבן אַ לעבן? קום מיט מיר אין קעניגלעכן פּאַלאַץ. איך וועל דיך באַלאָדן מיט מתנות, איך וועל דיך באַקליידן אין זייַדנס און אין סאַמעט און באַהענגען מיט גאָלד. זאָג נאָר, וואָס דו ווילסט און וואָס דו פאַרלאַנגסט, און דייַן ווונטש וועט דערפילט ווערן".

„איך דאַרף נישט און וויל נישט קיין זאַך".

די מיניסטאָרן און הויפלייַט האָבן געקוקט מיט קנאה און שטוינונג אויף דעם אַלטן. דער קעניג האָט ווייַטער גערעדט:

„זיי נישט קיין עקשן, אַלטער נאַר! זאָג מיר נאָר דייַן פאַרלאַנג און עס וועט דיר געגעבן ווערן. איך קען דיר געבן אַלץ, וואָס דו וועסט פאַרלאַנגען".

„אַלץ, וואָס איך וועל פאַרלאַנגען?" — האָט דער נזיר פאַרוווּנדערט געפרעגט — „ביסטו זיכער, קעניג זיגקריג?"

„אַוודאי בין איך זיכער" — האָט דער קעניג געענטפערט מיט שטאָלץ — „איך, זיגקריג, רעד און מיין וואָרט איז געזעץ אין הונדערט און דרייַ און צוואַנציק מדינות".

„גלייב איך דיר" — האָט דער אַלטער געענטפערט — „גוט, איין מאָל אַ יאָר וועל איך קומען צו דיר אין הויפּטשטאָט מיט מייַנע טאָרבעס און דו וועסט מיר דאַרפן אָנפילן אַלע מייַנע טאָרבעס מיט לייַוונט. אָבער געדענק, אַלע מייַנע טאָרבעס!"

דער קעניג האָט זיך צעלאַכט, און אַז דער קעניג האָט זיך צעלאַכט, האָבן געלאַכט מיט אים אַלע מיניסטאָרן, סענאַטאָרן און הויפלייַט.

„דאָס אַלץ, וואָס דו פאַרלאַנגסט, דו נאַרישער אַלטער נזיר?" —

האָט דער קעניג געפרעגט, נישט גלייבנדיק זײַנע אויערן — „קאָנסט נאָך חרטה האָבן און בעטן עפּעס בעסערס”.

„ניין, קעניג” — האָט דער אַלטער נזיר געענטפערט — „איך וועל קיין חרטה נישט האָבן. איך וויל נאַר, אַז דו זאָלסט עס מיר אויפ־שרײַבן שוואַרץ אויף ווײַס און פאַרזיגלען מיט דעם קעניגס שטעמפּל”.

„גוט, דו אַלטער שוטה” — האָט דער קעניג געענטפערט — „איך וועל נאָכגעבן דײַן פאַרלאַנג. אָט איז מײַן צוזאָג שוואַרץ אויף ווײַס און פאַרחתמעט מיט דעם קעניגלעכן שטעמפּל. נאַ, נעם, אָבער איך זאָג דיר, אַז דו ביסט אַ נאַר, דער גרעסטער אין אַלע מײַנע מדינות. עט, איך האָב שוין צופיל גערעדט מיט דיר”.

דער שטאָלצער קעניג האָט זיך אַרויפגעכאַפּט אויף אַ שיינעם געזאָטלטן פערד און אַוועקגאַלאָפּירט פון וואַלד, און נאָך אים אַלע מיניסטאָרן, סענאַטאָרן, הויפלײַט, גענעראַלן, אָפיצירן און סאָלדאַטן.

דער אַלטער האָט אַ קוק געטאָן אויף דער שריפט, וואָס דער קעניג האָט אים געגעבן, זי אַרײַנגעלייגט אין בוזעם און געזאָגט:

„מיר וועלן זען, דו גרויסער בעל־גאווה, ווער ס'וועט בלײַבן דער נאַר. מיר וועלן עס זען אין אַ פּאָר יאָר אַרום”.

*****

צום יאָר, פּינקטלעך צו דער מינוט, האָט דער אַלטער נזיר זיך באַוויזן אין דעם קעניגס הויף מיט זײַנע טאַרבעס. דער קעניג האָט גלײַך באַפוילן מ'זאָל זיי אָנפילן מיט לײַוונט. דער אַלטער האָט קוים מיט צרות אַוועקגעשלעפּט די שווערע, אָנגעפּאַקטע טאַרבעס. דער קייסער איז געשטאַנען אויף דעם באַלקאָן און האָט זיך צוגעקוקט, ווי דער אַלטער שלעפּט די שווערע טאַרבעס. דער מלך האָט זיך געקײַקלט פון געלעכטער:

„אָט אַן אַלטער שוטה! ער האָט דאָך געקענט פאָרן אין גאָלדענע קאַרעטן, גיין אָנגעטאָן אין זײַדנס, מיט גאָלד באַהאַנגען, מיט באַדי־נער אַרומגערינגלט, און ער, דער אַלטער נאַר, האָט נישט קיין גרע־סערע השגה, ווי אָנצופילן זײַנע טאַרבעס מיט לײַוונט. אַן אָרעמאַנסקע השגה!”

אויפֿן צווייטן און דריטן יאָר, ווידער צו דער מינוט, אויפֿן פֿערטן יאָר איז דער אַלטער געקומען מיט פֿערד און וואָגן. אין וואָגן זײַנען געלעגן טאָרבעס, וואָס זײַנען אויפֿגעגנייט געוואָרן פֿון דער לײַוונט, וואָס דער קעניג האָט אים געגעבן פֿאַראַיאָרן. דער קעניג האָט גע־שמייכלט:

„ביסט קליגער, ווי איך האָב געמיינט! זאָל זײַן אַזוי!"

מ'האָט אָנגעפּילט דעם אַלטנס טאָרבעס מיט לײַוונט.

פֿון יאָר צו יאָר פֿלעגט דער אַלטער קומען מיט אַלץ מער טאָרבעס. ער האָט אַזוי געטאָן: די לײַוונט, וואָס ער האָט געקראָגן פֿון דעם קע־ניג, האָט ער צעטיילט אויף דרײַ טיילן. איין טייל האָט ער אַוועקגע־געבן די מענטשן, וואָס האָבן געניית די נײַע טאָרבעס פֿאַר אים. איין טייל האָט ער געגעבן צו די פֿורמאַנעס פֿאַר זייער אַרבעט און פֿון דער דריטער טייל האָט ער אויפֿגעגנייט נײַע טאָרבעס.

אַכט יאָר שפּעטער איז דער אַלטער געקומען מיט אַ גרויסן קאַ־ראַוואַן פֿערד און וועגענער. די הויפּטשטאָט איז געווען צו קליין זיי אַלעמען אַרײַנצונעמען. דער אַלטער האָט געלאָזט אויפֿשטעלן בײַ־לעך פֿאַר די פֿורמאַנעס און טרעגער הינטער דער שטאָט.

אין דעם דאַזיקן יאָר האָט דער קעניג נישט געהאַט קיין גענוג לײַוונט אָנצופּילן אַלע טאָרבעס און דער אַלטער נזיר האָט געמוזט וואַרטן דרײַ חדשים, ביז דער קעניג האָט געקראָגן גענוג לײַוונט פֿאַר אים.

אַ יאָר שפּעטער איז נאָך ערגער געוואָרן. עס האָט געדויערט זעקס חדשים, ביז דער קעניג האָט געקאָנט צונויפֿקלײַבן גענוג לײַוונט פֿאַר דעם אַלטן.

פֿון יאָר צו יאָר זײַנען דעם אַלטנס טאָרבעס געוואָרן מער און מער. דער קעניג האָט שוין געמוזט צווינגען אַלע מענטשן פֿון זײַנע מדינות צו שפּינען פֿלאַקס פֿאַר לײַוונט. די לאַסט איז געפֿאַלן שווערער און שווערער אויף דעם קעניג. אַ פּאָר יאָר שפּעטער האָט ער געמוזט צווינגען די אַרמיי צו שפּינען פֿלאַקס און וועבן לײַוונט. און דעם אַלטנס טאָרבעס האָבן זיך געמערט און געמערט. וויפֿל דער קעניג האָט זיך נישט געמאַטערט צו געפֿינען גענוג פֿלאַקס, מער שפּינערס און מער

וועבערס, האָט ער דאָך נישט געהאַט קיין גענוג לײַוונט אָנצופילן דעם אַלטן נזירס טאָרבעס.

אויפן פופצנטן יאָר, ווען דער אַלטער איז געקומען נאָך דער לײַוונט, איז די הויפּטשטאָט געווען אומרויִק. דאָס פאָלק איז געווען דערצאָרנט, די אַרמיי אומצופרידן און די מיניסטאָרן דערשראָקן.

דער אַלטער איז אַרײַן אין קעניגלעכן הויף און האָט, ווי אַלע מאָל, געשלעפּט טרוקענע פײַגן פון זײַן טאָרבע, געקײַט און געשמייכלט. דער קעניג איז געווען אַליין און צעשראָקן. ער האָט געזאָגט צום אַלטן מיט אַ געבעט:

„איך וועל דיר געבן, אַלטער נזיר, וואָס דו פאַרלאַנגסט, נאָר באַפרײַ מיך פון מײַן צוזאָג".

„זיגקריג האָט גערעדט, זײַן וואָרט איז געזעץ" — האָט דער נזיר זיך געריי̄צט מיטן קעניג, און האָט צוגעגעבן: „איך האָב עס שוואַרץ אויף ווײַס און פאַרזיגלט מיטן קייסערס שטעמפּל".

„אָבער וואָס זאָל איך טאָן, אַלטער נזיר? איך קען אַזוי פיל לײַוונט פאַר דײַנע טאָרבעס נישט אָנשפּינען און נישט אָנוועבן".

„גוט" — האָט דער אַלטער געזאָגט — איך וועל דיך באַפרײַען פון דײַן צוזאָג. קום מיט מיר".

דער אַלטער איז אַרויף אויפן באַלקאָן פון פּאַלאַץ און דער קעניג איז געשטאַנען הינטער אים. דער נזיר האָט אָנגעהויבן ריידן צום גרויסן עולם, וואָס האָט אָנגעפילט דעם קעניגס הויף:

„איר זאָלט וויסן, מײַנע ברידער, אַז דער קעניג האָט געבראָכן זײַן וואָרט. אָט האָב איך פון אים אַ פּאַפּיר, אַז ער וועט אָנפילן אַלע מײַנע טאָרבעס מיט לײַוונט, יעדער יאָר, ווען איך וועל קומען צו אים. דאָס פּאַפּיר איז פאַרזיגלט מיט דעם קעניגס שטעמפּל. אַ קעניג, וואָס קען נישט האַלטן זײַן וואָרט, וואָס איז ער?"

„אַ ליגנער! אַן אָפּנאַרער!" — האָבן אַלע פאַרזאַמלטע אַרויסגעברומט.

„גוט, מײַנע ברידער!" — האָט דער אַלטער ווײַטער גערעדט — „ער האָט איין מאָל אָפּגענאַרט און ליגן געזאָגט. ער האָט אַ סך מלחמות געפירט, בלוט פאַרגאָסן, אומשולדיק בלוט, אַלץ צו גרייסן זײַן נאָמען. אַ ליגנער, וואָס האַלט זיך גרויס, וואָס איז ער?"

„אַ פּוסטער בעל־גאווה!"

„נו, מײַנע טײַערע ברידער, ווילט איר אַ פּוסטן בעל־גאווה פאַר אַ קעניג?"

„ניין!" — האָבן אַלע געענטפערט אין איין קול.

„נו, איז גוט! קלײַבט זיך אויס אַ קעניג איינעם פון אײַך, אַן ערלעכן מענטשן, וואָס זאָל זיך נישט האַלטן גרויס און זאָל זיך נישט באַרימען. זאָל ער פירן דאָס פאָלק אין גערעכטן וועג. קלײַבט אויס איינעם, וואָס ווייסט די לײַדן פון דעם אָרעמען פאָלק!"

און דאָס פאָלק האָט אויסגעקליבן אַ נײַעם מלך.

***

ווען עס איז שטיל געוואָרן, האָט דער קעניג געזאָגט צום אַלטן:

„און וואָס וועל איך איצט טאָן?"

„קום מיט מיר. דײַן בעט שטייט גרייט. טרוקענע פײַגן האָב איך. דאָס קליינע שטיבל איז גענוג גרויס פאַר צווייען".

און דער אַלטער האָט געשלעפּט טרוקענע פײַגן פון טאָרבע, גע־קײַט און געשמייכלט. ער איז אַוועקגעגאַנגען פון קעניגלעכן פּאַלאַץ און דער קעניג האָט זיך נאָך אים נאָכגעשלעפּט.



# אַ יידישער עקשן

## אַ מעשה פון אַ יידן אין סלוצק



ין דער שטאָט סלוצק, אין דער אַמאָליקער רוסלאַנד, האָט געלעבט אַ שניידער־יונג, מיטן נאָמען רפאל יאָסל. שניידער־יונגען זיינען פריי־לעכע לונג־און־לעבערס. זעלטן זיצן זיי רויִק ביי דער אַרבעט. זיי זינגען, זיי וויצלען זיך, טוען אָפּ שפּיצלעך איינער דעם אַנדערן. אָבער רפאל יאָסל איז געווען אַנדערש. ער איז אַלע מאָל געזעסן אַ שווייגנדיקער, אַ פאַרטראַכטער, געטאָן זיין אַרבעט און האָט זיך נישט געמישט אין די שטיפעריַיען פון די אַנדערע אַרבעטער.

יאָרן זיינען אַוועק. רפאל יאָסל האָט חתונה געהאַט. אָבער ער האָט נישט געעפנט קיין וואַרשטאַט פאַר זיך, ווי עס האָבן זיך געפירט אין יענע צייטן אַלע בעלי־מלאכות, נאָך דעם ווי זיי האָבן חתונה גע־האַט. ער איז געבליבן אַרבעטן ביים פריִערדיקן באַלעבאָס און איז געוואָרן נאָך אַ גרעסערער שווייגער.

ווען רפאל יאָסל איז אַלט געוואָרן פינף־און־צוואַנציק יאָר, האָט ער פאַרלאָזט דעם שניידערשן וואַרשטאַט און איז אַוועק אין בית־מדרש, וווּ די ישיבה־בחורים האָבן געלערנט. ער איז צוגעגאַנגען צו אַ ישיבה־בחור און האָט צו אים געזאָגט:

„איך וויל לערנען תורה".

דער ישיבה־בחור האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פון דער גמרא, האָט אַ קוק געטאָן אויף דעם יונגן מאַן מיט דער שוואַרצער באָרד און געענטפערט:

„לערנט, ווער לאָזט אײַך נישט?"

רפאל יאָסל האָט שטיל און טרויעריק אַרויסגערעדט:

„איך בין אַ שנײַדער. לערנט איר מיט מיר".

האָט דער ישיבה־בחור געענטפערט:

„זעצט זיך לעבן מיר און לאָמיר ביידע לערנען גמרא".

האָט רפאל יאָסל טרויעריק און האַרציק געזאָגט:

„כ'האָב דאָך אײַך געזאָגט, אַז איך בין אַ שנײַדער. איך קען בלויז דאַווענען. הייבט מיט מיר אָן לערנען פון ערשטן פסוק חומש, פון בראשית".

דער ישיבה־בחור האָט זיך אָנגעהויבן בייזערן:

„איך בין נישט־קיין דרדקי מלמד און איר זײַט נישט קיין חדר־ייִנגל. איר זײַט אַ ייִד מיט אַ באָרד".

רפאל יאָסל האָט געענטפערט פאַרעקשנט:

„אָבער איך וויל לערנען תורה".

האָט דער ישיבה־בחור אַ מאַך געטאָן מיט דער האַנט:

„איר זײַט אַ שנײַדער, גייט צוריק צו אײַער נאָדל. צו שפּעט האָט איר זיך געכאַפּט".

רפאל יאָסל האָט דעם ישיבה־בחור נישט אָפּגעלאָזט. ער האָט מיט אים אַזוי לאַנג אײַנגעטענהט, ביז יענער האָט אויף אים רחמנות געקראָגן און האָט אײַנגעוויליקט מיט אים צו לערנען. זיי האָבן אָנגעהויבן פון בראשית.

**

שווער־איז רפאל יאָסלען אָנגעקומען דאָס לערנען, אָבער ער האָט זיך נישט אונטערגעגעבן. ער איז געזעסן טאָג און נאַכט איבערן חומש און האָט געחזרט, וואָס דער ישיבה־בחור האָט אים פאַרטײַטשט, האָט ער איבערגעחזרט צענדליקער און צענדליקער מאָל. ער האָט זיך נישט אויפגעהויבן פון אָרט, נישט נאָר ביז ער האָט געוווּסט דעם טײַטש פון די ווערטער, נאָר ביז ער האָט געקענט די פסוקים אויף אויסנווייניק.

פרײַטיק איז רפאל יאָסל אַוועק אַהיים אויף שבת. אין שטוב האָט זיך געטאָן חושך. דאָס ווײַב האָט געשריגן, געליאַרעמט, אַז ער זאָל

גיין צוריק צו שנײַדערײַ. רפאל יאָסל האָט געשוויגן. שבת צו נאַכט איז ער אַוועק צוריק אין בית-מדרש און האָט זיך געזעצט לערנען.

דאָס ערשטע יאָר האָט ער געלערנט חומש. אויפֿן צווייטן יאָר האָט ער אָנגעהויבן נביאים. אויפֿן דריטן יאָר האָט ער זיך אויסגע־לערנט ווי עס איז אַליין צו פֿאַרשטיין אַ שטיקל משניות. אַ ביסל צײַט איז אַריבער און ער האָט אָנגעהויבן גמרא. וואָס מער ער האָט פֿאַר־שטאַנען אין לערנען, אַלץ אַ גרעסערן חשק האָט ער געקראָגן צו גאָטס תורה. ער האָט ווייניק געגעסן, נאָך ווייניקער געשלאָפֿן. שפּעט נאָך האַלבער נאַכט, ווען ער האָט דערפֿילט, אַז ס׳הייבן זיך אים אָן צו קלעפּן די אויגן, האָט ער גענומען אַ קורץ שטיקל ליכט, עס אַרײַנ־געשטעקט צווישן די פֿינגער און עס אָנגעצונדן. ער האָט אָנגעשפּאַרט דעם קאָפּ אויפֿן שטענדער און אײַנגעדרימלט מיטן שטיקל ליכט צווישן די פֿינגער. ס׳האָט געווײנטלעך געדויערט אַ האַלבע שעה, ביז דער פֿלאַם פֿון דעם ליכט האָט דערגרייכט די פֿינגער. ווען דאָס פֿײַער האָט אַ ברי געטאָן די הויט, האָט רפאל יאָסל זיך אויפֿגעכאַפּט דער־פֿרישט. ער האָט אָפּגעגאָסן נעגל-וואַסער און זיך געזעצט לערנען ווײַטער.



אין שטאָט האָט זיך פֿאַרשפּרייט אַ קלאַנג, אַז רפאל יאָסל איז אַ לאַמעד-וואָווניק, אַ באַהאַלטענער צדיק. די באַלעבאַטים פֿון שול האָבן אים אָנגעהויבן אָפּגעבן כבוד. האָבן אים אָנגעהויבן רופֿן „רבי". רפאל יאָסל האָט זיך בײַ זיי געבעטן:

„וואָס ווילט איר פֿון מיר? איך בין אַ פּראָסטער ייִד, אַ שנײַדער, וואָס האָט זיך אויסגעלערנט קוים אָפּצודראָפּען אַ שטיקל גמרא. פֿאַר־וואָס רופֿט איר מיך רבי? איך בין נישט קיין רב".

זײַנע רייד האָבן נישט געהאָלפֿן. וואָס מער ער איז אַנטלאָפֿן פֿון כבוד, אַלץ מער כבוד האָט מען אים אָפּגעגעבן. נישט נאָר האָט מען אים גערופֿן רבי, נאָר קייגער האָט זיך נישט געוואָלט זעצן, ווען ער איז געשטאַנען. ווען ער האָט דאָס דערזען, איז ער אַוועק פֿון גרויסן בית-מדרש, וווּ אַלע למדנים און ישיבה-בחורים האָבן געלערנט און ער האָט זיך אַריבערגעקליבן אין שנײַדערשן שטיבל.

די גאַנצע צײַט, וואָס ער האָט געלערנט אין בית־מדרש, פֿלעגן די פֿרומע ווײַבער פֿון שטאָט אים ברענגען אַלע טאָג אַ ביסל געקעכץ און ברויט. אָבער ווען ער איז אַריבער אין שנײַדערשן שטיבל, האָט זײַן פֿרוי אָנגעהויבן אים ברענגען יעדן טאָג אַ טעפּעלע גריץ־זופּ און אַ שטיקל ברויט. קיין פֿלייש האָט ער אינדערוואָכן נישט געגעסן. זי פֿלעגט אים דערלאַנגען דאָס געקעכץ דורכן פֿענצטער און אַוועקגיין.

— רפֿאל יאָסל האָט זיך געוווּנדערט, פֿאַרוואָס זײַן פֿרוי איז געוואָרן גוט צו אים. ער האָט אָנגעהויבן פֿאָרשן און האָט אויסגעפֿונען, אַז די שטאָט האָט אָנגעהויבן צאָלן זײַן ווײַב יעדע וואָך אַ באַשטימטע סומע, קצבה האָט מען דאָס גערופֿן. ווען ער האָט עס אויסגעפֿונען, האָט ער גענומען אַ בעזעם אין האַנט, איז אַרויס אין דרויסן און האָט אָנגע־הויבן רייניקן די גאַסן און אויפֿראַמען דאָס מיסט פֿון מאַרק. די שטאָט־לײַט זײַנען געוואָרן פֿאַרציטערטע: דער צדיק, רב רפֿאל יוסף אַ גאַסן־קערער! אָבער רפֿאל יאָסל האָט געענטפֿערט רויִק:

„איך וויל נישט עסן קיין אומזיסט ברויט".

אַלע טענות פֿון די באַלעבאַטים האָבן נישט געהאָלפֿן. איין מאָל אַ וואָך האָט רפֿאל יאָסל גערייניקט די גאַסן און אויפֿגעראַמט דעם שמוץ פֿון מאַרק. ווינטער פֿלעגט ער אויך אָפּקערן דעם שניי פֿון אַרום דעם בית־מדרש און אַרומרייניקן דאָס אײַז אַרום די ברונעמער, כדי ייִדישע טעכטער זאָלן נישט געשעדיקט ווערן, ווען זיי גייען שעפּן וואַסער.

***

רפֿאל יאָסל האָט געוואָלט זיצן אין שנײַדערשן שטיבל און לערנען. ער האָט דאָך אַזוי ליב געהאַט גאָטס תורה! אָבער מען האָט אים נישט געלאָזט צורו. ווו נאָר אַן אומגליקלעכער, ווו נאָר אַן עלנטע נשמה, אַ מענטש מיט אַן אָנגעווייטיקט האַרץ איז געקומען צו אים, צום גרויסן צדיק, בעטן הילף. ביסלעכווײַז האָט ער פֿאַרלאָזט זײַן ענגן ווינקל און איז אַוועק העלפֿן אָרעמע, אומגליקלעכע, עלנטע און קראַנקע. האָט געטראָפֿן אַן אומגליק ווו אין אַ שטאָט, איז ער געקומען און האָט גע־בראַכט טרייסט. איז ערגעץ ווו אין אַ פֿאַרוואָרפֿן שטיבעלע עמעצער קראַנק געוואָרן, איז רפֿאל יאָסל געקומען און האָט געבראַכט עסן,

און אַז מ׳האָט געדאַרפט, איז ער געלאָפן אין אַפּטייק און געבראַכט אַ רפואה. אַלץ, וואָס ער האָט געטאָן, איז געווען יאָשטיל, באַהאַלטן פון אַלעמען, אַז אַפילו די שכנים פון דעם געהאָלפענעם האָבן נישט געוווּסט, און דער קראַנקער איז נישט פאַרשעמט געוואָרן.

יאָרן זײַנען אַוועק. די שטאָט האָט שוין לאַנג פאַרגעסן, אַז רפאל יאָסל איז אַמאָל געווען אַ פּראָסטער שנײַדער־יונג און האָט אַפילו נישט געקאָנט דאַווענען, ווי עס באַדאַרף צו זײַן. אין די אויגן האָט מען אים גערופן רפאל יוסף, הינטער די אויגן האָט מען אים גערופן „דער צדיק”. אַלע האָבן אים געקענט און ער האָט אַלעמען געקענט אין שטאָט. מען האָט פאַר אים געהאַט גרויס אָפּשײַ. ווען ער איז דורכגעגאַנגען דעם מאַרק, האָט יעדער איינער אים אונטערגעטראָגן דעם שיינעם „גאָט העלף”. האָבן צוויי קרעמער זיך געקריגט און דערזען פון ווײַטנס ר׳ רפאל יוספן, האָבן זיי זיך אויפגעהערט קריגן. האָבן יינגלעך זיך געשלאָגן און ר׳ רפאל יוסף איז אָנגעקומען, האָבן די ווײַסע חברהניקעס אָפּגעשטעלט דאָס געשלעג. אַפילו ווען גאַסן־יונגען האָבן נאָכגעיאָגט דעם שטאָט־משוגענעם, האָבן זיי זיך אָפּגעשטעלט, ווען ר׳ רפאל יוסף איז אָנגעקומען. און פרײַטיק פאַרנאַכט, ווען ער איז אַרויס אין מאַרק, און האָט אויסגערופן: „ייִדן, מאַכט צו די קראָמען! שבת קומט אָן!”, האָט יעדער קרעמער באַלד געפאָלגט.

דאָס שנײַדערשע שטיבל, וווּ ער האָט געלערנט, האָט מען איצט גערופן ר׳ רפאל יוספס שטיבל, און וווּ נאָר אַן אומגליקלעכער, אַן עלנטער, איז ער געקומען אַהין זוכן טרייסט. און נישט נאָר טרייסט האָט יעדער איינער דאָרטן געפונען, נאָר אויך אַן אָרט איבערצושלאָפן, און אַ שטיקל ברויט צו שטילן דעם הונגער איז געווען אָנגעגרייט פאַר יעדן איינעם, וואָס האָט עס פאַרלאַנגט.

ר׳ רפאל יוסף איז געשטאָרבן אַלט און זאַט אין יאָרן. ער איז אַלט געווען נאָענט צו אַכציק יאָר, ווען ער איז נפטר געוואָרן. ער האָט אָנגעזאָגט, אַז מען זאָל אויף זיין מצבה נישט אויסקריצן קײַן טיטולן און אים נישט רופן רבי, נאָר פּשוט: „דאָ ליגט באַהאַלטן רפאל יאָסל”. מען האָט אויסגעפאָלגט זײַן פאַרלאַנג, אויף דער מצבה האָט מען אויסגעקריצט אויף לשון קודש:

„פה נקבר רפאל יאָסל”.

# שיר אָן אומגליק אין כעלעם

## אַ יידישע פאָלקס־מעשה



ינטערן שטאָט, אויף אַ בערגל אין אַ קליין שטיבל, אין כעלעם, האָבן געוווינט מאַן און פרוי. זיי האָבן געהאַט אַ טאָכטער — איינע, אָבער אַ שיינע און אַ קלוגע. קלוג איז זי געווען ווי נאָר אַ כעלעמער מיידל קען זײַן קלוג. איר נאָמען איז געווען טעלצע.

אין אַ שיינעם זומער פרימאָרגן איז טעלצע אויפגעשטאַנען, האָט זיך אָנגעטאָן, זיך אָרומגעוואַשן, אָפּגעגעסן אָנבײַסן און גענומען זיך צו איר הויז־אַרבעט. דער טאָג איז געווען אַ שיינער, אַ זוניקער, האָט טעלצע געעפנט אַ פענצטער און אַרויסגעקוקט אין דרויסן. פון פענצטער האָט זי געזען גאַנץ כעלעם. די שטאָט איז געלעגן אַ רויִקע, אײַנגעטונקט אין גרינס, און טעלצען איז געוואָרן גוט אויפן האַרצן. זי האָט אָנגעהויבן ריידן צו זי אַליין:

„דאָ, אין כעלעם, בין איך געבוירן געוואָרן, מײַן טאַטע־מאַמע זײַנען דאָ געבוירן געוואָרן און האָבן זיך דאָ אויפגעהאָדעוועט. מײַן זיידע און עלטער־זיידע, מײַן באָבע און עלטער־באָבע זײַנען דאָ געבוירן געוואָרן. די גאַנצע שטאָט קען מיך. אַלע מײַנע פעטערס און עלטער־פעטערס, מומעס און עלטער־מומעס האָבן מיך ליב. די מאַמע און די באָבע, דער טאַטע און דער זיידע האָבן מיך דאָך אַוודאי ליב, — איז מיר גוט“.

נעמט טעלצע דעם בעזעם און הייבט אָן אויסקערן דאָס הויז, ראַמט דאָס הויז מיט דעם בעזעם, זינגט און טראַכט ווײַטער:

„אַט וועל איך אויסוואַקסן און וועל חתונה האָבן, אַלע וועלן קומען אויף מײַן חתונה. מ׳וועט הוליען און טאַנצן, מ׳וועט זיך פרייען. איצט איז מיר גוט און שפּעטער וועט מיר זײַן נאָך בעסער״.

זינגט זי העכער, ראַמט דאָס הויז שנעלער און טראַכט ווײַטער:

„איך וועל האָבן אַ ייִנגל. גאָט און לײַט וועלן מיר מקנא זײַן. איצט איז מיר גוט און וויל, און דעמאָלט וועל איך זײַן גליקלעך״.

באַלד אָבער בלײַבט טעלצע שטיין אין מיטן שטוב. אַ שרעקלעכער געדאַנק קומט איר אין קאָפּ:

„איך וועל אויסהאָדעווען אַ ייִנגל, און אַז ער וועט אַלט ווערן דרײַצן יאָר, פאַר בר־מצווה, וועט ער, חלילה, שטאַרבן! וואָס וועט דעמאָלט זײַן?״

זי שטעלט אַוועק דעם בעזעם אין אַ ווינקל, טוט אַ פּאַטש מיט די הענט און שרײַט אויס:

„אוי, ס׳וועט מיר זײַן שלעכט! איך וועל דאָס נישט אויסהאַלטן! איך וועל וויינען און מײַן מאַמע וועט וויינען. מײַן באָבע און זיידע, מײַנע מומעס און פעטערס וועלן זיך צונויפלויפן און אַלע וועלן קומען באַקלאָגן מײַן בראָך. גאַנץ כעלעם וועט קלינגען מיט מײַן אומגליק״.

שטייט טעלצע אין מיטן שטוב אַ דערשראָקענע, אַ צעטומלטע און רעדט צו זיך אַליין, פריִער שטיל, דערנאָך העכער:

„ווער האָט עס געהערט פון אַזאַ בראָך? ווײ איז צו מיר! ווײ איז עס געהערט געוואָרן אַזאַ אומגליק? ווינד איז מיר! אַזאַ יונג ביימעלע! ביטער און פינצטער איז מיר!״

די קלוגע מויד רעדט און רעדט און צעוויינט זיך הויך אויפן קול.

לויפט אַרײַן טעלצעס מאַמע און הייבט אָן פרעגן אַ צעשראָקענע:

„טעלצע טאָכטערשי, וואָס וויינסטו?״

טעלצע קען נישט אויפהערן וויינען. זי פּרוּווט ענטפערן, אָבער זי פאַרגייט זיך אין נאָך אַ גרעסערן יאָמער. זעט עס די מאַמע, פאַר־ברעכט זי די הענט און לאָזט אויך אַרויס אַ געוויין.

דערהערט די באָבע, אַז איר טאָכטער און אייניקל וויינען, לויפט זי אַריין זען, וואָס ס׳האָט געטראָפן. זעט זי ווי די מאַמע און טאָכטער שטייען און ברעכן די הענט און וויינען, קען זי זיך נישט אײַנהאַלטן און ברעכט אויס אין אַ יאָמער.

דערהערן שכנים דאָס געוויין און טעלצעס שטוב, לויפן זיי אַרײַן אין הויז. זיי דערזען, אַז די באָבע, די טאַטע און דאָס אייניקל וויינען, פּלאַצן זיי אַלע אַרויס אין אַ געוויין.

פאַרשפּרייט זיך אַ קלאַנג אין כעלעם: אַן אומגליק האָט געטראָפן מיט טעלצען! קומען צולויפן אַלע מומעס און פעטערס, קוזינען און קוזינעס. דערזעען זיי, אַז טעלצע וויינט, איר מאַמע וויינט, די באָבע



וויינט, די שכנים וויינען, אַלע וויינען. צעוויינען זיי זיך אויך מיט ביטערע טרערן.

איידער מ׳האָט זיך אַרומגעקוקט, איז די גאַס געוואָרן שוואַרץ פון מענטשן, און אַלע האָבן געוויינט, געקלאָגט, געיאָמערט, געבראָכן די הענט, זיך געריסן די האָר פון קאָפּ.

דערהערט דער רב, אַז אַ גרויס אומגליק האָט געטראָפן טעלצען, טוט ער אָן זײַן זײַדענע קאַפּאָטע און שבתדיקן שטרײַמל און גייט אַוועק טרייסטן די מויד.

גייט דער רב אַרײַן אין שטוב און דערזעט ווי אַלע וויינען, קלאָגן. פרעגט ער אַ שכנה:

„זאָגט מיר, וואָס וויינט איר?"

ענטפערט די שכנה און כליפּעט:

„איך ווייס נישט. איר זעט דאָך — אַן אומגליק איז געשען. פרעגט בײַ אַ מומען".

פרעגט דער רב בײַ אַ מומען:

„זאָגט מיר, מומע לעבן, וואָס וויינט איר?"

„אַזאַ בראָך! אַזאַ בראָך! איך ווייס נישט. פרעגט בײַ דער באָבען".

פרעגט דער רב בײַ דער באָבען:

„באָבע, וואָס איז עס פאַר אַ געוויין?"

ענטפערט די באָבע:

„אַזאַ גאָלדענע מויד! איך ווייס נישט. פרעגט בײַ דער מאַמען".

פרעגט דער רב בײַ דער מאַמען:

„זאָגט איר מיר, וואָס וויינען אַלע?"

„אַזאַ צרה! אַזאַ קלאָג! איך ווייס נישט. פרעגט בײַ טעלצען".

זאָגט דער רב צו דער מויד:

„טעלצע ,וואָס איז דיר? וואָס וויינסטו?"

ענטפערט טעלצע:

„ווי זאָל איך נישט וויינען, אַז מײַנער אַ דרײַצניאָריקער ייִנגל איז אַוועק פון דער וועלט? אַזאַ יונגביימעלע!"

זאָגט דער רב:

„וואָס פאַר אַ ביימעלע? וואָס פאַר אַ ייִנגל? דו ביסט דאָך אין גאַנצן נאָר פופצן יאָר אַלט און האָסט אפילו נישט חתונה געהאַט".

„ווי אָבער, אַז איך וואָלט עלטער געווען?" — ענטפערט טעלצע — „און איך וואָלט חתונה געהאַט און געהאַט אַ דרײַצניאָריקן ייִנגל און ער וואָלט געשטאָרבן?"

„וואָלט טאַקע געווען אַ גרויס אומגליק„ — ענטפערט דער רב טרויעריק.

„וויין איך אויף מײַן אומגליק" — פלאצט אוים טעלצע אין א נײַעם געוויין".

שטייט דער רב אן אומעשיקער און טראכט זיך:

„טאקע א גרוים אומגליק. מ'דארף זי טרייסטן. א יידישע טאכטער!" — טוט ער א שמעק טאבאק, ווערט אים ליכטיק אין די אויגן און ער זאגט:

„שא טעלצע, מעגסט טאקע וויינען אויף דײַן בראך, אבער נישט איצט. אז דו וועסט חתונה האבן, וועסט קינדער האבן און אויב בײַ דיר וועט, גאט זאל אויסהיטן, שטארבן א דרײַצניאריק ייִנגל, וועסטו וויינען. איצט דארפסטו נישט וויינען".

אז טעלצע האט דערהערט דעם רבס רייד „איצט דארפסטו נישט וויינען", האט זי אויפגעהערט צו וויינען און האט אויסגעווישט די אויגן. אז טעלצע האט אויפגעהערט וויינען, האט איר מאמע אויפגע־הערט וויינען. אז די מאמע האט מער נישט געוויינט, האט די באבע אויך נישט געוויינט, און אז די באבע האט זיך בארויִקט, זײַנען די שכנים אויך שטיל געווארן.

און אז ס'איז געווארן שטיל, האט טעלצע ווידער גענומען דעם בעזעם אין האנט און האט אנגעהויבן ראמען דאס הויז. זי האט גע־ראמט דאס הויז, גלײַך ווי קיין מאל גארנישט געוועזן.

ארויסגעגעבענע ביכער פון „אלטער ראזענטאל־פאנט פאר יידישע קינדער־ליטעראטור"

1) יודל מארק — „היסטארישע גע־שטאלטן" (צו דעם 5טן יארצייט פון אלטער ראזענטאל — 14טער יולי 1957).

2) משה דלוזשנאווסקי — דער רייט־וואגן" (צו דעם 6טן יארצייט פון אלטער ראזענטאל — 14טער יולי 1958).

3) שלמה סיימאן — חכמים, עקשנים און נאראנים מעשיות פון אלערליי פעל־קער (צו דעם 7טן יארצייט פון אלטער ראזענטאל — 14טער יולי 1959).

